# MAROV

A QUARTERLY

Published by the MAROV GROUP

Editor: I. HOROWITZ | Manager: I. FRIEDLAND

**Office: 2439 Houston Street**

Los Angeles, California

# מערב

דערשיינט
יעדן דריטן חודש
אין לאָס אנגעלעס
קאליפאָרניע

רעדאקטאָר:
יצחק האָראָוויץ

ערשטער העפט
פעברואר 1925

אנטיילנעמער: — מאקס רענאָ, ה. רויזענבלאט, ל. לעהרער, משה נאדיר, ש. מילער, אברהם אייזענבערג, א. עסעלין, יעקב גינזבורג, שמואל סעמיאק, ברכה קודלי, פנחס בערמאן, יואל ענטין, מאטעס ל., שפרה וויים, יוסף קוצענאָגי (קיץ), שלמה י. בעלסקי, דוד נ. גראָקאָווסקי, ל. דינסקי, י. פרידלאנד, י. ראשעל, ז. בונין, יצחק האָראָוויץ.

# צום ווילדן מערב זינג איך

עס האָבן זיך אונזערע אש-גרויע בויד-קאַראַוואַנען
אריבער די ווייסע סיעראַס צו דיר נישט געצויגן.
מיר האָבן אין אונזערע תפילות
צו גאָט פון אברהם און יצחק און יעקב
אריבער געלאַדענע ביקסן די קעפּ נישט געבויגן.
נישט אונזערע צעלטן, פון דיינע רויט-הויטיקע קריגער געצונדן,
געברענט האָבן אונטער דיין שטאָל-בלויען נאַכט-קאַלטן הימל
אויף דיינע שוואַרץ-לייביקע פּריירים,
ווי פרישע רויט-בלוטענדע וואונדן.
נישט אונזערע אָרעמס, פאַרברוינט פון דער זון,
האָבן איבער פאַרכמאַרעטע שטראָמען
דיין גאָלד-זאַמד דאָס נאַסע געשאָקלט אין קופּערנע זיפּן.
דאָס בלוט אונזערס האָט נישט געטריפט
פון פאַרבלוטיקטן סקאַלפּ-מעסער דיינעם
אויף אונזערע קרייד-ווייסע גוסס'ע ליפּן.
נישט מיר האָבן שטום, מיט געבויגענע קעפּ פון אבלים,
ביי דיר אין דער מדבר דעם קבר דעם ערשטן געגראָבן.
נישט אונזערע סטאַדעס, פאַר'שרפה'ט פון דורשט
און געשוואָלן פון הונגער,
געשפּייזט האָבן דיינע בלוט-דורשטיקע ראָבן.
עס האָבן זיך אונזערע רוקנס אריבער די גריוועס
פון דיינע הייס-בלוטיקע בראָנקאָס אין ווילדן גאַלאָפּ נישט געבויגן.
מיר האָבן מיט ברוינע לאַסאָ-שטריק אין אונזערע הענט
נישט געטאַנצט קעגנאיבער דיין באַפאַלאָ'ס כעס-אָנגעצונדענע אויגן.
נישט אונזערע פיס האָבן איבער דיין באַרג-לאַנד
די וועגן די ערשטע פאַנאַנדערגעטראָטן,
נישט אונזערע הענט האָבן איבער דיין פלאַך-לאַנד דאָס ברוינע
די שטעט און די דערפער די ערשטע פאַנאַנדערגעשאָטן.

ווי קענען צובראָכענע רוקנס,
אויף וועלכע די שטויב-גרויע פעדלער-זעק ליגן,
עלאַסטיש צום טאַקט פון דיין גאָלד אין די קופּערנע בעקענס זיך וויגן?
ווי קענען די הענט, וועלכע האָבן דעם וואַנדער-שטאָק דורות און דורות
אויף אַלע פאַרשאָלטענע וועגן פון גלות געטראָגן,
אַנטקעגן די קופּערנע אָרעמס און שטאָלענע פויסטן
און סקאַלפּ-מעסערס דיינע זיך שלאָגן?

מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט און געוואַרט,
ביז אונזערע אויערן האָבן פאַרנומען
די בלויע געזאַנגען פון דיינע שטאָל-בליציקע רעלסן —
דעם טאַנץ פון רויט-אויגיקן שד מיט פאַנאַנדערגעשויבערטע קודלעס.
אונז האָבן פאַר'שכור'ט די שטאָל-בלויע ווינט-ווייסע ווילדע געזאַנגען,
דער שדים-טאַנץ אונטער צעוויכערטע רויך-ברוינע פונקען-וואָלן —
פאַר'סם'ט זענען אונזערע בלוטן,
פאַר'סם'ט מיט דעם סם פון די געלע מעטאַלן!

מיר האָבן געהערט אַז דיין גאָלד-זאַמד איז איבערגעוואַשן,
גערייניקט פון מיסט און פון פּסולת געליטערט;
מיר האָבן געהערט:
דיינע פּריירים, זיי ליגן ווי קי נאָך אַ פעטער און זאַפטיקער פּאַשע —
פּול-בייכיק, שווער-לייביק, ראָז-פאַרביק באַאייטערט;
מיר האָבן געהערט:
דיינע וועלדער און גאָרטנס און סעדער
זיי ציען אין אייביקע זומערס געהילטע.
די בערג דיינע סטאַרטשן ווי יונג-אויפגעשפּיציקטע בריסט
מיט ברוין-בלויער מילך איבערפילטע . . .
מיר האָבן געהערט,
אַז דיין פלינקער רויט-הויטיקער היהאָ
אַזוי ווי אַ בער אויף אַ קייט אין דער האַנט פון ציגיינער,
טאַנצט שכור אין דיינע בונט-פאַרביקע צירק-באַלאַגאַנען.
און דיינע היים-בלוטיקע בראָנקאָס אין מיסט-וואָגנס שפּל'דיק שפּאַנען.

דער טאָמאַהאָק, בויגן און סקאַלפּ-מעסער לאַנג שוין
די גזימסן פון דיינע מוזעאומס באַצירן.
די קופּער-געגאָסענע, טונקל-ברוין-אויגיקע באָפאַלאָס דיינע

ביי דיר אין די „זום“ צווישן פארביקע פאוועס שפאצירן.
און דיינע פילפארביקע פעלדער —
זיי ליגן צעאָדערט פון ברוין־בלויע שלאנג־קרומע וועגן.
די דערפער און שטעט דיינע שפארן
פון אונטער דיין ערד־הויט אפיר זיך,
ווי שוואוימען אין פעלד נאָך א ווארימען רעגן.
און איבער די טונקעלע בערג־סילועטן,
וואָס שניידן זיך קעגן דיין שטאָל־בלויען מערב־ראנד הימל,
פארווישטע זיך שלעפן די שאָטנס
פון דיינע ווייס־גרויאיקע בויד־קאראוואנען.
די שרפות, געצונדן אויף דיינע ברוין־בראָנזיקע פריירים
פון דיינע רוים־הויטיקע שונאים —
קוים־קוים וואָס זיי פלעמלען נאָך טונקל פארדרייט אין די פאלדן
ביי דיר אין דעם בונטן פילפארביקן פעלקער־געווימל.

אויך אונז וועט דער וויכער פון דיינע גרוים־שטאָטישע גאסן פארדרייען
אויך אונז וועט דער הייסער געווירבל
פון דיינע פלינק־קומענדע דורות פארווייען.
נאָר אויפגיין וועט אונזערס א דור נאָך
אריבער די אַש־בערג פון דיינע שוין לאנג אויסגעלאָשענע דורות,
ווי פעניקס גייט אויף פון זיין אייגענעם אומקום אין פייער
מיט פארביקע פליגלען פאנאנדערגעלאָזן —
א יונגער, א פלינקער, א נייער!

ל. לעהרער.

# די פסיכאָלאָגיע פון קונסט פאר קונסט

(עסיי)

דער געדאנק, אז קונסט איז א וועלט פאר זיך און דארף נישט דינען קיין דרויסנדיקן צוועק, האָט שוין הינטער זיך א געשיטע פון טויזנטער יאָרן. עס איז שווער צו זאָגן ווער עס איז געווען דער ערשטער דעם דאָזיקן געדאנק ארויסצוברענגען, אָבער מען קען זיך לייכט משער זיין, אז אזוי שנעל ווי מענטשן האָבן גענומען רעדן וועגן קונסט ווי וועגן א באזונדער מאָמענט אין דער קולטור־וועלט, זענען זיי ממילא געקומען צום שלום, אז קונסט דארף זיין פאר קונסט און נישט פאר עפּעס אנדערש.

באזונדערס האָט זיך דער דאָזיקער געדאנק באפעסטיקט בעת דער קינסטלער האָט אָנגעהויבן שפּילן די וויכטיקסטע ראָל אין דער קונסט, און די פאָלקלאָריסטישע שאפונג און די אימפּראָוויזאציע האָבן פארלוירן זייער אמאָליקע פּאָזיציע.

אז אין „קונסט פאר קונסט“ איז פאראן א שטיק אמת, קען מען באין אופן נישט אָפּלייקענען, אָבער אפילו די נאָך גרעסערע פאלשקייט וואָס אזא פאָרמולע אנטהאלט, איז נאָר מעגלאך צו פארזען ווען מען שטייט אינגאנצן אויפ׳ן שטאנדפּונקט פונ׳ם קינסטלער. אזא שטאנדפּונקט איז די גרעסטע שטערונג צו מאכן אן ערנסטע וויסנשאפטלאכע, פסיכאָלאָגישע אונטערזוכונג וועגן קונסט ערשיינונגען בכלל, וואָס דאָס שאפט אן אטמאָספערע פון נאאיווקייט בנוגע די סאמע וויכטיקסטע פּראָבלעמען, מיט וועלכע קונסט איז פארבונדן.

כדי ריכטיק אָפּצושאצן קונסט און די מיטלען דורך וועלכע זי אפעלירט איז א סך נויטיקער צו פארשטיין די „קינסטלערישקייט“ פונ׳ם קונסט־געניסער, איידער די „שאפערישקייט“ פונ׳ם טאלאנט. וואָרים די גרויסקייט פון קונסט ליגט אין איר אָפענער שייכות צום לעבן, אין איר אנטפּלעקטן איינפלוס און נישט אין עפּעס א פארבאָרגענער קוואליטעט, וואָס געפינט איר אויסדרוק אין נישט־געשפּאָרטע פינטעלאך.

ווען מיר באטראכטן אָבער די „קונסט פאר קונסט“ פאָרמולע פון שטאנדפּונקט פונ׳ם קונסט־געניסער, טרעטן מיר צו צו דער פראגע פון דער פּסיכאָלאָגישער זייט.

מיר לייענען א ראָמאן, למשל, און זענען צופרידן : מיר לעבן איבער דאָס ספּעציעלע פארגעניגן, וואָס בלויז א קונסט־ווערק קען גיבן, אָבער נאָך

דעם ווי אונזער עמאָציאָנעלער דורשט ווערט געשטילט, דערוועקט זיך געוויינלאַך אונזער אינטעלעקטועלע נייגיריקייט. פון וואנען שטאמט די הנאה וואָס דאָס קונסט־ווערק האָט אונז פארשאפן? ווי קענען מיר אָנרופן דעם קוואל פון אָט דער הנאה? „קונסט פאר קונסט" איז א פארזוך צו ענטפערן אויף די דאָזיקע פראגעס. עס הייסט אזוי: אונזער נשמה באשטימט פון א צאָל עלעמענטארע אינסטינקטן וואָס יעדער פון זיי איז פארבונדן מיט א ספעציעלן געמיטס־טאָן. אזוי שנעל ווי מיר באפרידיקן אונזער אינסטינקטיוון פארלאנג לעבן מיר איבער די ספעציפישע פסיכישע דערפארונג — די הנאה — נאָך וועלכער מיר דורשטן, און אויף אזא אופן ווערט אויסגעפילט א נאָרמאל, געזונט מענטשלאַך לעבן.

די קינסטלערישע הנאה איז אָט אזא מין עלעמענטארער געמיטס־טאָן, אָדער עמאָציע. די עמאָציע קען נאטירלאַך בלויז באפרידיקט ווערן, ווען זי ווערט פארבונדן מיט א נאטירלאַבן סטימול, מיט קונסט. זאָל זיך אין די קונסט געפינען עפּעס אן אנדער עלעמענט, ווערט די עמאָציע געשטערט אין איר נאטירלאכער פאנאנדערוויקלונג, און רופט ארויס דעם באזונדער אומאנגענעמען געפיל פון א צערשטערטער האָפענונג. וואָס זשע איז דאס די עלעמענטארע קינסטלערישע עמאָציע? דערויף וועט מסתמא יעדער גלייך ענטפערן, אז דאָס איז די אלט־באקאנטע עסטעטישע עמאָציע. אָט די עמאָציע גיט אונז גלייך צו פילן וואָס איז קונסט און וואָס איז נישט קונסט, כאָטש מיר קענען קונסט נישט דעפינירן. ווארים באמת, איז דען נויטיק א מענטש זאָל זיך אָפּגעבן מיט דיעטעטישע פאָרשונגען כדי ער זאָל אונטערשיידן צווישן א געשמאקן און א שלעכטן מאָלצייט? דאָס פארגעניגן וואָס מיר זוכן אין עסן זאָגט אונז שוין אליין אונטער וואָס איז גוט און וואָס שלעכט. אויב קונסט איז אזוי עלעמענטאר ווי דער נארונג־אינסטינקט, קענען מיר זיך שוין זיכער פארלאָזן אויף דער עסטעטישער עמאָציע.

קונסט פאר קונסט איז דעריבער נישט בלויז אן ענטפער אויף פראגעס, נאָר אויך א פאָדערונג. זאָל דער קינסטלער אונז גיבן „ריינע" קונסט, זאָל ער אונז גיבן אזא שאפונג, וואו סיי מיטל סיי צוועק זאָלן פאָרגעשטעלט ווערן אין זעלביקן מאָמענט: קונסט. דאָס פאָדערט דער נאָרמאלער וואוקס פון אונזער קינסטלערישן אינסטינקט. פון דעם שטאנדפונקט וואָלטן מיר אייגנטלאַך געדארפט האָבן א רעכט צו פארקלאָגן יעדן קינסטלער פאר גיבן עפּעס וואָס איז נישט קונסט, פונקט ווי מיר קענען פארקלאָגן דעם קרעמער ווען ער פילט אָן דעם זאפט מיט סאכארינע אָנשטאָט צוקער.

אזא געדאנקען־גאנג איז באזירט אויף צוויי הנחות. ראשית, אז די עסטעטישע עמאָציע איז אן עלעמענטארע עמאָציע, און שנית, אז קונסט איז איר נאטירלאכער סטימול און באפרידיקער, מיט איין וואָרט, אז — ווי קאנט זאגט, און ווי טויזנטער שרייבער דריקן עס אויס אזוי אָדער אנדערש, כמעט יעדן טאָג — קונסט איז די שאפונג פון שיינקייט.

די ערשטע הנחה איז, פאר אונזער ענין, נישט אזוי וויכטיק, און מיר וועלן זי דעריבער אָפּ'פטר'ן מיט עטלאכע באמערקונגען. דער אמת איז, אז

אפילו יענע פסיכאָלאָגן, וועלכע שטייען אויפ'ן שטאנדפונקט פון באגרענעצטער צאָל פרימערע עמאָציעס, שטעלן נישט אריין די אזוי גערופענע עסטעטישע עמאָציע אין אָט דעם צעטל. די וויסנשאפטלאכע אונטערזוכונגען וועגן שיינקייט האָבן אונז נאָך דערוויייל אזוי גוט ווי גאָרנישט נעגעבן. די עקספּערימענטן, וואָס פעכנער האָט אזוי האָפענונגספול אָנגעהויבן, און זיך געריכט אוועקצושטעלן א וויסנשאפט פון עסטעטיק געבויט אויף פיזיאָלאָגיע און מאטעמאטיק, האָבן ביז איצט קיין וויכטיקע רעזולטאטן נישט געבראכט. ווען מען וויל שטודירן אזא פראגע מיט דער הילף פון הוילער אינטראספעקציע, האָט עס א גאנץ קליינעם וויסנשאפטלאכן ווערט. דאָס איז אייגנטלאך אמת וועגן דעם גאנצן געפילס־לעבן. וואָרים בעת מען לעבט איבער א געפיל פארגעסט מען אָן וויסנשאפטלאכע צוועקן, און ווען מען נעמט זיך שוין יאָ די מי און מען אינטראָספעקטירט, איז שוין מער קיין געפיל נישטאָ. געוויינלאך טוט מען דאָס רעטראָספעקטיוו, מען דערמאָנט זיך ווי עס האָט זיך געפילט דעמאָלט, ווען מען האָט איבערגעלעבט די עמאָציע. דאָס איז גאנץ געגוג אויף דורכשמועסן זיך וועגן דעם ענין. וויסנשאפטלאך האָט עס א קנאפן ווערט.

פיל וויכטיקער איז אָבער די צווייטע הנחה, אז קונסט פארטרעט מער פון אלץ דאָס עסטעטישע. איז דאָס אמת ? נעמען מיר די פשוט'סטע עסטעטישע ערשיינונגען : געוויסע קאָלירן אפעלירן מער, אנדערע — ווייניקער,, געוויסע טענער געפעלן, אנדערע — נישט. א צירקל איז תמיד שענער פון א פיר־עק. עס איז א גרעסער פארגעניגן צו קוקן אויף א גלייכער ליניע איידער אויף א צעקרומטער. דאָ האָבן מיר עסטעטישע דערשיינונגען פאר עקסעלאנס. זאָלן מיר זאָגן אז דער ספעציפישער גענוס וואָס מיר האָבן פון א קונסט־ווערק געהערט צו דער עסטעטישער קאטעגאָריע, ווי מיר געפינען עס אין די אויסגערעכנטע עלעמענטארע דערשיינונגען? מען קען נאטירלאך נישט אָפלייקענען, אז דער סטיכישער מאָמענט שפילט א וויכטיקע ראָל אין דער קונסט. וואָרים קונסט — אפילו די געקינצלטסטע, אפילו די פאטאָלאָגישסטע, אפילו יענע וואָס מען זאָגט אויף איר אז זי נעמט גאָרנישט פון לעבן, נאָר, פארקערט, דאָס לעבן נעמט פון איר — איז רעפראָדוקטיוו. זי רעפראָדוצירט געוויסע דערשיינונגען פון לעבן אויף א געוויסן אופן. רעפראָדוקציע, ווידער, גיט אונז עסטעטישן פארגעניגן. א פאָטאָגראפיע פון א הויז איז תמיד שענער ווי דאָס הויז אין דער ווירקלאכקייט. עס איז דאריבער קלאָר, אז ווען קונסט וואָלט קיין אנדער שיינקייט־עלעמענט נישט געהאט, א חוץ דעם רעפראָדוקטיוון מאָמענט, וואָלט זי שוין אויך געווען אָן עסטעטישער ענין. אָבער איז דאָס טאקע דאָס וויכטיקסטע ? איז קונסט טאקע אזוי „נייטראל"־פיינשמעקעריש ווי א צירקל אָדער א גלייכע ליניע ?

זינט די גריכן האָט מען שוין אָן א שיעור איבערגע'חזר'ט די כאראקטעריסטיק פון שיינקייט דערמיט וואָס זי שטיצט זיך נישט אויף באשטימטע נוצן. און דאָס איז זיכער אמת. געוויינלאך נוצן מיר אונזערע חושים צו באדינען געוויסע לעבנס־צוועקן, אָבער עס זענען פאראן אויך מאָמענטן ווען דאָס אויסאיבן א חוש ווערט א צוועק אין זיך אליין ; עס גיט אונז פאר־

נעניגן, כּמעט די געוויינלאכע לעבנס־אינטערעסן פאָרדינען דערפון גאָר־
נישט. אזא עסטעטישן מאָמענט באזיצט יעדער חוש. פאַרפום, למשל,
איז אַן עסטעטישער פאַרגעניגן פאַר׳ן חוש הריח ; זיסע זאכן — בעת מיר
זענען נישט הונגעריק — פאַרן חוש הטעם ; סאמעט אָדער פוטער —
פאַר׳ן חוש המשוש ; א געוויסע סאָרט ליבע ווארימקייט — פאַר׳ן טעמפּע־
ראטור חוש ; געוויסע פיזישע איבונגען — פאַר׳ן מוסקול חוש ; און
געוויסע פאָרמען פון באוועגונג — פאַר אנדערע קינעסטעטישע שפּירונגען.
קיין איינער פון די אַלע עסטעטישע מאָמענטן האָט זיך נישט דערהויבן צו
א קונסט. קונסט האָט בלויז צו טאָן מיט אויער און אויג. פאַרוואָס ? דער
ערשטער און פּשוט׳סטער ענטפער איז, אז קונסט אנטהאַלט טאַקע אין זיך
עסטעטישע מאָמענטן פּונקט ווי יעדער פּראָצעס אין לעבן, אָבער דאָס סאמע
כאראקטעריסטישע, דאָס גרויסע, דאָס אייביקע אין קונסט געהערט נישט
צו דער עסטעטישער קאַטעגאָריע.

דאָס אויער און דאָס אויג, די צוויי אינגסטע חושים, ד. ה. די וואס
האָבן זיך אנטוויקלט צום שפּעטסטן אין דער אנטוויקלונג פון לעבעדיקע
באַשעפענישן, האָבן פאַר אונז געשאַפן א נייע וועלט — קונסט. איז עס
נישט מערקווירדיק וואָס קונסט, א מענטשלאכע טעטיקייט וועגן וועלכער
מען רעדט בלויז אין טערמינען פון „הארץ״, פון געפיל, זאָל פאַרטראָטן ווערן
פון די צוויי אינטעלעקטועלסטע חושים אונזערע ? דאָס איז זיכער מערקוויר־
דיק, אָבער בלויז פאַר די וואָס פאַרטרעטן דעם שטאַנדפּונקט פון ריינער,
אומבאַפלעקטער עסטעטיק.

דער אמת איז, אז גראָד דעמאָלט ווען די צוויי אינגסטע חושים אונזערע
הויבן זיך אָן צו באַפעסטיקן — ביי די ווארים־בלוטיקע באַשעפענישן :
פייגל און זויג־חיות — הויבן זיך אָן צו באַווייזן נישט בלויז פּראַקטיקע קאָ־
לירן, גראַציעזע ליניעס און פאַרביקע קלאַנגען, נאָר אויך רייצנדיקע ריטמי־
שע באַוועגונגען, וואָס אויף זייער העכסטער מדרגה גיבן זיי אונז די טאַנץ־
קונסט. און ווען מען זאָל אָנווייזן אז דא, ביי די נידעריקערע באַשעפענישן,
זענען פאַראַן ווירקלאַך ריינע עסטעטישע מאָמענטן, דאַרף מען נישט פאַר־
געסן אז דערווייל האַלטן מיר נאָך מיילן־ווייט פון קונסט. קונסט איז דאָך
נאָך אַלעמען א כאראקטעריסטיש מענטשלאכע טעטיקייט, און האָט קיין
שייכות נישט צו חיות, כּאָטש די עסטעטישע עמאָציע האָט אפשר יאָ א
שייכות צו זיי, ווי דאַרווין און אנדערע ווילן האָבן.

די נייקייט, וואָס דאָס אויער און דאָס אויג ברענגען אריין, באַשטייט
דערהויפּט אין דעם, וואָס מיט זייער הילף ווערט מעגלאַך אויפצונעמען די
ווירקלאכקייט פון דער ווייטן ; דאָס, פון וואָס דער חוש הריח איז א
שוואכער אָנהויב. צו באַנעמען זאכן פון דער ווייטנס זעט אויס צו זיין
א נויטווענדיקע פאָרבאַדינגונג פאַר דער אנטוויקלונג פון א קונסט. ווייל
בלויז דאָס גיט א מעגלאכקייט צו שאַפן „אַטמאָספּערע״, וואָס אָן דעם קען
מען זיך קיין קונסט נישט פאָרשטעלן. דאָס אויער און דאָס אויג שפּילן
אויך א געוואַלטיקע ראָל אין אונזער פאָרשטעלונג. דערין קען זיך קיין אַנ־

דער חוש (א הויך באוועגונג) מיט זיי נישט פארגלייכן. פּרובירט זיך א ווײַלע פאַרשטעלן דעם טעם פון אן עפּל, דאָס געפיל פון לעדער אין דער האנט, דעם ריח פון פּארפום, דאָס אויסזען פון א באקאנט הויז און דעם קלאנג פון קארוזאָ׳ס שטים, און איר וועט גלייך אײַנזען ווי אומקלאָר עס זענען די ערשטע דריי און ווי קלאָר די לעצטע צוויי. אין דעם זין זענען אויער און אויג אונזערע קרעאטיווע חושים, די שאפנדיקע חושים, וואָס גיבן די ברייטסטע מעגלאכקייטן אויף נייע קאָמבינאַציעס.

אויער און אויג זענען אויך אונזערע סאָציאַלסטע חושים. דאָס אויפ־נעמען זאכן פון א שטח, וואָס שפּילט אזא געוואלטיקע ראָל אין קונסט, איז א האָר נישט ווייניקער וויכטיק אין סאָציאַלן לעבן, וואו די נויטיקייט צו־צוציען די אויפמערקזאמקייט פון דער ווייטן איז א באשטענדיקער פאקטאָר. מיר זעען טאקע, אז ביי פייגל און זויג־חיות הויבט זיך אָן בולט׳ער און קלאָ־רער ארויסצואווייזן דאָס סטאדע־געפיל צוזאמען מיט די עסטעטישע מאָ־מענטן אויף וועלכע איך האָב פריער אָנגעוויזן. א חוץ דעם ווייסט דאָך יע־דער, וואָס האָט די מינדסטע אנונג פון ביאָלאָגיע, אז קאָליר, באוועגונג און קלאנג שפּילן אן אומגעהייערע ראָל אינ׳ם צוזאמען לעבן פון באשעפענישן מיט סטאדישע געוואוינהייטן.

אז די זעלביקע פּסיכישע נייקייטן, וואָס מאכן מעגלאך דאָס סאציאל לעבן, עפענען אויך אויף די וועגן פאר דער אנטוויקלונג פון קונסט, ווערט אונז נאָך קלאָרער פון די לעצטע צוויי דערגרייכונגען: זשעסט און שפּראך, וואָס דערהויבן זיך צו דער קונסט מדרגה אין טעאטער און ליטעראטור, און זענען אויך די וויכטיקסטע מיטלען אין סאָציאַלן פארקער.

די קונסט־פאר־קונסט טעאָריע רעדוצירט די קונסט צו דער מדרגה פון אן עסטעטישן פּארפום אָדער נאשעריי. זי שטעלט אוועק דעם גרעסטן טייל פון דער מענטשלאכער פערזענלאכקייט אין דרויסן פונ׳ם קונסט־איינפלוס. די אָנהענגער פון דער טעאָריע האלטן געוויינלאך, אז קונסט איז א פּריוואטע זאך, האָט בלויז צו טאָן מיט דער פּסיכאָלאָגישער פּיקציע וואָס רופט זיך דער „איינצלנער“, א באשעפעניש וואָס איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. דערמיט ווערן לחלוטין פאלש אויסגעטייטשט די פּסיכישע אינסטרומענטן דורך וועלכע קונסט אפּעלירט. קונסט ווערט דעמאָלט סוף כל סוף אן אנ־גענעמער צופאל, וואס „יאָ — יאָ, נישט — נישט“; זי שטילט נישט קיין דורשט, ווייל זי דינט נישט קיין צוועק, ווייל „קונסט פאר קונסט“.

צו רעדוצירן קונסט צו שיינקייט, צו זאָגן אז די „ברידער קאראמאזאָוו“, בעטהאָווענ׳ס „ניינטע סימפאָניע“, אָדער ראָדענ׳ס „דענקער“ האָבן הויפּט־זאכלאך צו טאָן מיט שיינקייט, איז פּונקט ווי מען זאָל וועלן דערקלערן דעם ים דערמיט וואָס מיר קענען זיך אין אים באָדן. יעדער מענטש, יעדער קונסט־געניסער, וואָס זוכט מיט „שיינקייט“ צו דערקלערן זיינע איבערלע־בענישן, זייקע אינטימסטע און אָפט אומבאוואוסטע שאפונגען, ווען ער גע־פינט זיך פנים אל פנים מיט א קונסט־ווערק, איז אָדער אינטראָספּעקטיוו בלינד, אָדער — ווי עס ווערט אזוי אָפט געטאָן — ער מאכט פון שיינקייט

אזא אלץ־אומפאסנדיקן באגריף, אז דאָס וואָרט פארלירט יעדן זין. וואָרים בלויז אביסל לאָגישע אָנשטרענגונג וועט דערווייזן, אז א וואָרט וואָס מיינט אלץ מיינט גאָרנישט. פאר פסיכאָלאָגישע צוועקן קען מען דעמאָלט אזא וואָרט אינגאנצן נישט באנוצן, און עס ווערט בלויז א מעטאפיזישע אָדער רעטאָרישע שפּילצייג.

קונסט אפּעלירט נישט צום „איינצלנעם", אָדער צו אן איינצלנער עמאָציע, נאָר צום מ ע נ ט ש ן אין אלע זיינע שייכות'ן צו זיך און צו דער וועלט. דער גאנצער באגריף פון אן איינצלנער אָפּגעזונדערטער עמאָציע איז פארפירעריש. קונסט איז דאָך נישט סתם אזוי א סטימול וואָס געפינט זיך צופעליק אין דער וועלט, נאָר א באוואוסטזיניקער מענטשלאכער פראָדוקט, אָפּגעקליבן פון מיליאָנען מעגלאכע קאָמבינאציעס. דער כח און דער זין פון קונסט ליגט אין וואונדערלאכן סינטעז פון ווייטע און נאָענטע מאָטיוון סיי ביים קינסטלער סיי ביים געניסער, פונקט ווי דער גאנצער זין פון אונזער פסיכאָפיזישער אָרגאניזאציע ליגט נישט אין באזונדערע פסיכאָלאָגישע און פיזיאָלאָגישע פונקציעס, נאָר אין דער געשאפענער איינקייט, אין דעם אנסאמבל־שפּיל, אזוי צו זאָגן.

מיר שאפן און מיר זוכן קונסט ווי א פונקציע פונ'ם גאנצן לעבן. קונסט איז א כאראקטעריסטיש מענטשלאכע טעטיקייט, ווייל בלויז מיר זענען באשעפענישן וואָס שטרעבן, דורשטן, האָפן און שטרעקן די הענט אין אומבאגרענעצטע ווייטקייטן. אין אונזער קונסט־ווילן ליגט קודם כל א שרייענדיקע ליידנשאפט צו דער ווירקלאכקייט, די ווירקלאכקייט וואָס איז אזוי פארשאָטנט געוואָרן פאר אונז סיי דורך דעם וואָס דער פרימיטיווסטער חוש אונזערער, דער חוש המשוש, האָט פארלוירן זיין אמאָליקע קרוין, סיי דורך דעם וואָס מיר לעבן אין א וועלט פון אבסטראקציעס, וועלכע מען קען מיט קיין חוש נישט דערגרייכן. פון דער אנדערער זייט ליגט אין קונסט די גרויסע מענטשלאכע טראגעדיע, די טראגעדיע פון א קראפט וואָס פילט איר שוואכקייט, פון א חכמה וואָס זעט אירע גרענעצן און פון א לעבן וואָס ווייסט פון א סוף.

# די מזרח לידער פון משה נאדיר

1

עס באשרייבט זיך דער הימל
און די זון און די ערד.

דער הימל איז א גרויסער גרינגער גלאָק.
די זון — ס'הארץ פון גלאָק.
דאָס ליכט — זיין ליד.

די ערד טראָגט בינטען בלומען,
צו באגלייטן אונזערע טויטע טעג
צו זייער רו.

דאָס ליכט טוט קלינגען.
הייליקע בילדער טראָגט איעדער אין די אויגן.
דער פריסטער זאָגט געבעטן אין דער שטיל —
צו זיך אין האלז אריין.
דער האלז — ער האָרכט און וויינט.

אן אלטגעבאקן שטיקל ברויט טוט שימלען
אויף א פויער'ס פריזבע.
דאָס קליינע אינגל ביי דעם פלויט פארהויבט דאָס העמדל
און ווי א פיילענבויגן — פאלט א רעגן
אויף די רויטלאך־בלויע בערד
פון די זומער־זאטע קוקורוזן.

2

עס באשרייבט זיך אן עלענד מיידל
וואָס גייט אין א ניי קליידל
און האָט נישט וואוהין צו גייען.

הינער און הענער און שאָף,
און רינדער און שווייגען און קעלבלאך.
וועלטעלע, וועלטעלע : זע,
איך בין דאָך איינער פון דיינע.

דאָס מיידל טוט שטייען ביים וועג
אין נייעם פּערקאַלענעם קלייד.
זי זעט ווי דער זומער איז דאָ
ארום ווי א גאָלדענע רייף.

רינגעלאך, רינגעלאך : זעט
זילבערגערינגעל אין וואסער.
דאָס מיידל טוט שטייען ביים וועג
אין נייעם פּערקאַלענעם קלייד.

ס'העמד אויפגעבלאָזן ביים הארץ.
דער ווינט טאפּט די בריסט ביי דעם מיידל
וואָס שטייט אויפ'ן דאָרפישן וועג
אליין אין פּערקאַלענעם קלייד.

גייט זי אוועק צו דעם האָן :
און ווייזט אים דאָס טייערע קליידל,
און ווייזט אירע בריסט פאר דעם קאַלב —
דאָס לייב אין פּערקאַלענעם קלייד.

3

עס באשרייבט זיך א שטיל דערפל
מיט פלוימען און מיט הענער.

אריבער אלע פלויטנצוימען פאלן בורשטינענע פלוימען.
אלע וועגן זענען פול מיט פרוכטן
און מיט געקריי פון הענער.
שטומע, בלינדע האטעס
אָפּגערוקט איינע פון די אנדערע
ווי שונאים, וואָס געדענקען שוין נישט
אקוראט פארוואָס די שנאה איז געקומען.
פּיאווקעס שווימען אויף דער אויבערפלאך פון שטילן פלוס,
קאַטשקעס גליטשן זיך אויף גלאָזיק וואסער
ווי זעלנער אויף א בויך־פאראדע.
די שטילקייט נעמט זיך זעלבסט ארום מיטביידע הענט
און רעדט מיט צווייגנציטערניש א פערטל וואָרט.
דער בושל בוקט זיין שטאָלצן קאָפּ צו זיינע נאריש־הויכע פיס
און שטוינט אַליין פון זיך.

עס באשרייבט זיך זער א שיינער
משל קענן לעבן.

עס ווײנט א הונגעריקער וואָלף ביינאַכט.
עס ווײנט אריין דער וואָלף
אין א הונגעריקער נאַכט וואָס ווײנט
אין ווײנענדיקן ווינט.
עס ווײנט דער ווילדער וואָלף
דורך נאכט און וועלט.
זיין געשריי דערהערט א מילב
וואָס ליגט זיך רואיק אויף א בלאט
אין זאטן פרוכט-וואלד : זאט !
און לאכט איר זאטקייט
אין דעם זאטן בלאט אריין,
און שלומערט-איין,
פארווּיגט פון וואָלפ׳ס געוויין.

# אַ ווינטער מעת לעת

קאַלט און וואַרים —

אין דרויסן האָט געברענט דער פראָסט. ביי אים אין צימער האָט זיך געהייצט דער קאַמין. איינגעבויגן איז ער געזעסן אין שטול, די הענט ווי צום דוכנ'נען, אויסגעשטרעקט צום פייער.

א פארפלאַמטע איז זי אריינגעקומען.

— ביי אייך איז דאָך וואַרים! און ווי פּאָעטיש! פינסטערלאַך, א פייערל ברענט. פיין!

זי האָט זיך ארויפגעזעצט צו אים אויף די קני.

— וועגן וואָס האָט איר געטראַכט?

— איידער איר זייט אַריינגעקומען? וועגן פראָמעטעוס.

— און איצט?

— וועגן . . . דיאַנאַ.

א פראָססיק בעקל האָט זיך אָנגערירט אין א פארפלאַמטער באַק. ער האָט אויפגעציטערט.

— איך האָב אריינגעבראַכט די קעלט.

— האָט איר אמאָל געזען אן אייזמאַן ארבעטן זומער?

זי האָט אים פארקוקט אין די אויגן.

— אונטער דער ברענענדיקער זון ברענגט ער אייז. איר זייט פון די ווינטערדיקע היץ־לייט. אין דעם ברענענדיקן פראָסט ברענגט איר וואַרימקייט.

— ווירקלאָך?

ער האָט זי איבערצייגט.

שניי —

א שווערע, שטייענדיקע, קאַלטע לופט. דער קאַמין — חורבה פון א קוימען נאָך א שרפה. פון די נאָז־לעכער גייט א פּארע, און ארויסציען אן אָרעם פון אונטער דער קאָלדרע איז ווי אריינגיין אין א פּאָלאָנקע. מ'איז דאָך אויפגעשטאַנען, ארונטערגעגאַנגען אין גאַס.

— שניי! שניי !

זי האָט געפּאַטשט מיט די הענטלאַך, געוואָלט כאַפּן א שנייעלע.

— מלאכים'לאך ! טייבעלאַך ! ווינטער־צוויט !

מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אין דער הויך. אויף איר וויע איז א ווינטער־בלימל נעפאַלן. מ'האָט זיך אָנגעקוקט, צעלאַכט. אָרעם האָט אָרעם געדריקט.

— עס איז דאָך וואַרים !
דערוואַרימטע האָבן זיי שפּאַצירט, אונטערטאַנצנדיק אַ מאָרגן־טאַנץ.
דער ווינטער־צוויט איז אונטער מענטשלאַכע פיס צעטראָטן געוואָרן. פון מלאכים׳לאַך, טייבעלאַך איז געוואָרן אַ מוטנע פליסיקייט. די זון האָט אויפגעשיינט.

די זון —
— מיר איז היים.
זי האָט דעם ראָק צעשפּילעט.
— וועלן מיר אַריבערגיין אין שאָטן. זע, דאָרט הייגנט קרישטאָל.
— קרישטאָל אָן זון־פינקל איז טויט אייז.
— מיין זון־קינד.
דאָס קעצל, איינגענורעט ווי אַ קנויל, איז, קאָנטיק, אויך אַ זון־קינד. אויך איז עס דער הונט וואָס ליגט, די פאָדערשטע לאַפּעס אויסגעצויגן, און די קו, וואָס שטייט און מעלה גרה׳ט און בלינצלט מיט די אויגן איז אויך קיין שטיף־קינד.
אַ פאַרפלאַמטע האָט זי דאָס היטעלע אַרונטערגענומען, און, אַ טרייסל טוענדיק מיט די בלאָנדע האָר, פריידיק אויסגעשריען:
— גאָלד !
— מיין גאָלד ! — האָט ער נאָכגעזאָגט, און אַריבערגעצויגן זיין אָרעם איבער אירע פּלייצעס.

פייערלאַך —
דער מערב צונטער־רויט. העכער — בלוי מיט אַ פאָרהאַנג פון פּערל־גרויען שניי־שטויב. דער פראָסט נעמט אויף ביינאַכט, עס פרירט אונטער די פיס, מאָרגן וועט סמאַליען.
איז מען ווידער אין הויז. בין השמשות. שטיל.
— וואָס אַזוי אומעטיק פאַרטראַכט ?
— אַ טאָג שטאַרבט.
— אַ נאַכט ווערט געבוירן.
— געבורט־ווייען.
איבערגעקומען. קאַלטע פייערלאַך צינדן זיך אין רוים. אין צימער האָבן זיך פיר פייערלאַך געצונדן. אַ סערפּ. שאַרף שניידט ער זיך אין צימער אַריין. שטיל קומט אַריין דער פּערל־גרויער שניי־שימער.
— זאָלן מיר פייער צינדן ?
— בלויז דעם קאַמין.
שאַ, שטיל. ווידער נאַכט.



בין השמשות

אברהם אייזענבערג

א. עסעלין.

# דאָס ליד פון פעלד

ווי שפּיגל־ראַנדן פינקלען קעגן זון די פּעכטנדיקע סערפּן
אין ברוינע הענט פון מוסקולירטע שניטער.
פון יעדן פּעכט גייט אויף א זייל פון אַראָמאַטן
פון רייפן, אויפגעשמעקטן קאָרן.
זאַנגען פאַלן, ווייכע פאַלן, פאַלדן זיך אין קרייזן,
ברוינע שיכטן בראָקן זיך — בראָקן זיך און שטייגן,
הויערן מיט גאָלד־שטויב ארום קני פון שניטער.

ווייסע קוקורוזן סטאַרטשען אין די אַטלעסענע רייען,
רייסן פון זיך ציענדיקע ווייסע קנופּן זייד;
ווינקען דין מיט יאַדערדיקע פּערל־שפּיצן —
יונג און פּיפּיק קוקען זיי דאָס לעבן אָן.

רויטע מאָן־קעפּ וויגן זיך מיט קראַנצן אויף די שטאַנגען —
רויט־באַקרוינטע קאַנדעלאַברעס צינדן בונטע פלעקן —
אין דעם לויטערדיקן חלל פון די הייסע פעלדער
הויכן אוים די לעכצונג פון די שטאַמען פאַר די וועלטן:
רעגן, פאַל אויף אונז,
פאַל אויף אונזערע ברייטע, קיילאַכדיקע קעפּ!
האָגל, פאַל אויף אונז,
פאַל אויף אונז מיט שטעכעדיקן שמעטער!

שימערנדיקע קופּער־קוילן — גלימערן קירבעס אין די בייטן.
לאַנגע שרונטן ווייסע שווערע קרויטן
וואַלגערן זיך, רייסן זיך מיט איזאָלירטע לאַסטן:
מיר זענען רייף —
רייף ביז גרונטיקייט און בלוטונג.

שוואַרצע וואונדן ליגן אין די גראָבנס —
שפּעטע, ברודיקע קאַרטאָפלעס —
פאַרשטומט אין זיסער קריינק פון איבער־רייפקייט.
אין די גרונטן פוילן שוין די ווייסע דינע וואָרצלען,
פלעכטן זיך און קניפּן זיך פאַנאַנדער.

זיסער זומער־זאַפט שפּאַרט פון פולע קוואַלן.
פּלאַצט די ערד —
די פעטע, שוואַרצע ערד.

א. עסעלין.

# חצות

איצט וואָלט איך דיך וועלן זען, זיידע.
איך וואָלט דיך וועלן זען ביי דיין ספר.
דיין סיווע קאָפּ אין שאָטנקרייז זיך וויגן.
ווייס ווי ביין די הענט דיינע באהאָפטן מיט'ן ספר
און אין די אויגן — ליכטיקע אוזאָרן פון בטחון,
אזוינס וואָס חוזק'ט גרונטיק פון מיין שכל.

האלבע נאַכט. שטילקייט און לבנה.
עס שמעקט מיט גרינס און זומערדיקער יערונג.
רואיק שלאָפט דעם שכנ'ס הונט אין בודע,
זיס איז אים דער נאָך־טעם פון די פעטע טשאָלנט־ביינער.
שטאלן פול מיט פּי. שטייגן פול מיט עופות.
זינגענדיקע ווינטן. זילבער אויפ'ן גאָרטן.
רחבות'דיקע שפע. זיכערקייט און רו.
א שטערן פאלט אין שימערדיקן צירקל.
עס רופט דער ערשטער קריי פון האָן —
זיידע שארט געניטע טריט.

איך זע א וועלט, אסקעטן־וועלט, אין טלית און אין קיטל.
רינגען צער, רינגען פרייד — אונטער אלץ איז באָדן.
ברייטער טרויער גלגל'ט אויף פון זיידנ'ס מיטנאכט תפילה.
טרויער שטייגט — טרויער נאָגט שוין אין מיין הארץ.
טויזנט אימות הויבן מיך פון בעטל.
איך אייל און וואקל צו דער מאמען:
זאָג, וואָס וויינט דער זיידע?

האָסטו, זיידע, נישט געוויינט אויף מיר און אויף מיין גורל?
האָסטו ביים שיין פון חלב־ליכט געזען מיין לעבן צאנקען?
זיידע, גוטער זיידע מיינער:
זאָל דיין בליק א רגע כאָטש אויף מיר אין חלום רוען.
וואָלסטו געגלויבט, אז דיין צוואה וויינט אויף מיין צעשטערונג?
געטשקעס, לאנגוויל־אויסגעקליגטע, זענען מיינע נערער.
איך יום טוב נישט מיט טרוקן ברויט —
א פרעמדע, וויסטע חגה.
מיך לאָקט דער ווין און ליכטיקייט פון פריילאכע האָטעלן
און טרייסט ברענגט אויך א הור פון גאס
מיט ליבע פון באָרדעלן.

יעקב גינזבורג.

# דאָס צלמ׳ל

(דערציילונג)

דאָס שטעטל גאָלדען האָט זיך ארייגעשניטן אין א זייט פון א גרויסן בארג אין די סיערא נעוואדאס, און איר איינציקע געל־זאמדיקע גאס האָט איינגעשנורט דעם בארג אין א האלבן עיגול. פון ווייטנס האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט צום בארג און עס האָט זיך גערדאכט, אז ביים מינדסטן טרייסל וועט עס זיך א גליטש טאָן איבער דעם משופּע׳דיקן ברעג און זיך ארפּלאָזן אין טאָל אריין, גלייך אינ׳ם שפּרינגענדיקן טייכל.

א גאנצן טאָג האָט דאָס שטעטל גערדרעמלט אונטער דעם מילדן גע־רויש פון די הויכע בוימער און דעם מורמל פון וואסער־קוואלן, וואָס האָבן געשלאָגן און זיך געשלענגלט פון די בערג. אמאָל האָט די שטילקייט זיך איבערגעריסן פון אן אָטאָמאָביל, וואָס האָט מיט טומל דורכגעשניטן די בערג, אָדער פון א סטאדע בהמות, וואָס מען האָט געטריבן צו דער באַן, אויפהויבנדיק א גרויסן וואָלקן שטויב.

דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט ערשט פארנאכט, ווען די מינען־אר־בעטער זענען ארויסגעקראָכן פון די בערג און זיך גענומען ארומקלייבן ארום מעקסענלי׳ס „גענעראל סטאָר“, וואו עס איז אויך געווען די פּאָסט־סטאנציע, ארום דעם האָטעל און ארום בלומבערג׳ס „דעפּארטמענט סטאָר“. דאן זענען אָנגעקומען די ארומיקע פּארמערס, די „רענטשערס“ און די „קאו באָיס“, האָבן זיך צעשאָטן אין די קראָמען און דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן לעבן. ווער שמועסט נאָך אז ס׳איז געקומען שבת אָוונט, ווען אין האָטעל־זאל האָט געשפּילט א גיטארע אין דער פּארטויבנדער באגלייטונג פון א פּייקל. דאן איז מען זיך צעזאמענגעקומען פון די ווייטסטע און פארוואָרפנסטע מקומות, ווער צו פארברענגען און כאפּן א טענצל, ווער אָנצוגרייטן אלע הצטרכות פאר א גאנצער וואָך און ווער גלאט אזוי צו זיין צווישן מענטשן. אָט די אלע האָבן זיך ארומגעדרייט אינ׳ם קליינעם שטח, דער צענטער פון שטעטל, זיך צוגעהערט צו די לעצטע נייעס און מערסטנס זיך געהאלטן ארום בלומבערג׳ס „דעפּארטמענט סטאָר“, וואו עס איז שטענדיק געווען עפּעס א נייע סענזאציע.

— זעט נאָר, זעט ! סעם האָט שוין ארפּגעבראכט פּאָנאָגראַפן אויך. א טשיקאווע, וואָס קאָסט אזא מאכערייקע ?

כאָטש דער נאָמען בלומבערג איז געווען אויפגעשריבן מיט גרויסע גאָל־דענע בוכשטאבן אויפ׳ן שילד איבער׳ן געשעפט, האָבן אים דאָך אלע גערופן ביים ערשטן נאָמען : סעם. די מערסטע פון זיי האָבן אים נאָך געדיינקט ווען ער איז מיט עטלאכע יאָר צוריק אָנגעקומען אויף די בערג נאָך גאָר א

קליין אינגל, כמעט א קינד, זיך בויגנדיק אונטער א שווערן פּאַק און אָנ־קלאַפּנדיק אין יעדער טיר:

— נאָזטיכלאַך, שוכבענדלאַך, האָרנאָדלען. קויפט עפּעס, גוט און ביליג.

הע, ס'אַרא געשעפט סעם האָט אַרויפגעאַרבעט! ער פאַרשטעקט שוין מעקענלי'ן אין אַרבל. און די באַרג־מענטשן האָבן נישט נאָר שטאַלצירט מיט זיין פעאיקייט, זיי האָבן אים אויך ליב געהאַט, ווייל ער איז תמיד גע־ווען א גוטער ברודער, אַן אייגענער מענטש. האָט מען באַדאַרפט א נדבה, א טובה, א גמילות חסד אָדער אפילו אביסל קרעדיט, האָט ער קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. נישט ווי דער אַלטער כלב מעקענלי, וואָס האָט געהאַט א „פרינ־ציפּ" קיינעם נישט צו באָרגן. גייט טאַקע דער כלב אַרונטער פון יאָר צו יאָר און סעם האַלט אין איין שטייגן. א פעאיקער איד.

מען האָט אים אויך ליב געהאַט פאַר זיינע פעפערדיקע מעשיות, וואָס ער האָט געוואוסט אָן א שיעור און האָט לויט זייער מיינונג געקענט אַלע שפּראַכן פון דער וועלט. אומבאַוואוסט פאַר זיי אַליין איז ער געוואָרן זייער אויטאָ־ריטעט אין אַלערליי וויכטיקע אָדער אומוויכטיקע פראַגן, מחמת אַז מען האָט זיך נישט געקענט אין עפּעס אייניקן, איז געבליבן בהסכם:

— נו, וועלן מיר פרעגן סעם'ן.

זעלטן אַז עמיצער האָט איבערגעפרעגט: וועלכן סעם?

— נו, סעם'ן, דעם איד...

ביים צווייטן נאָמען האָט אים קיינער נישט גערופן, מחמת דאָס וואָלט אים שוין אוועקגעשטעלט אין איין קאַטעגאָריע מיט די אַלע ווייסע קאַלנער־דיקע פון דער מינגען־פאַרוואַלטונג, מיט דעם אַנגעבלאָזענעם ריכטער, מיט דעם אויגן־פאַרגלאָצטן גלח, מיט דער אויסגעטריקנטער שול־לערערין, וועל־כע מען האָט מיט רעספּעקט גערופן „מיסטער", מען האָט זיי אָבער נישט ליב געהאַט.

און סעם'ן האָבן אַלע ליב געהאַט, די אַלטע אַזוי ווי די יונגע, די פרויען אַזוי ווי די מיידלאַך, אפילו מעקענלי, וואָס האָט שאַרף געשפּירט די ביטערע קאָנקורענץ פון סעם'ן, האָט אויך וועגן אים קיין שלעכטס נישט גערעט.

— וואָס אמת איז אמת, א פעאיקער מענטש אָט דער סעם. דאָך דאַרף מען זיין פאַרזיכטיק: א איד איז א איד...

דאָס האָט ער געזאָגט דאַן, ווען מען האָט געקליבן געלט צו פאַר־שענערן דעם קלויסטער און סעם'ס נדבה איז געווען די גרעסטע. און ער האָט נישט געשטערט זיינע מיידלאַך, וואָס האָבן זיך, ווי אַלע אַנדערע, גע־האַנגען סעם'ן אויפ'ן האַלז, מחמת זיי האָבן פיינט געהאַט בתכלית השנאה די פאַרווילדעוועטע גראָבע בחורים און קאַוואַלירן, וואָס עס האָט שטענדיק פון זיי געשמעקט מיט מיסט. און יעדע פון זיי איז געווען גליקלאַך ווען סעם האָט מיט איר געטאַנצט, זיך געקושט און מיט פאַרגעניגן אָנגענומען פון אים קליינע מתנות. מעקענלי האָט אפילו גאַרנישט געזאָגט ווען זיין אינגסטע מיידל, מערי, איז געקומען שפּילנדיק זיך מיט א שיינער שפּילקע, א מתנה פון סעם'ן, כדי צו רייצן אירע עלטערע שוועסטער. אָבער זיין עלטסטער

זון, ביל, דער פירער פון געשעפט, האָט געהאַסט דעם אידן פאַר זיין שרעק־לאַכער קאָנקורענץ :

— א שאנדע צו נעמען מתנות פון א שמוציקן איד !

האָט זיך מערי אָנגעצונדן :

— פאַרוואָס עפּעס א שמוציקער איד ? ער איז ריינער פאַר דיר און דיין גליייכן ! וואָס זעסטו אין אים אידישעס ?

מעקענלי האָט מיט איר איינגעשטימט :

— נו, א איד . . . אָבער א פּעאיקער, א קלוגער.

און צו זיין זון האָט ער געזאָגט :

— נו, זיי דו א בריה און האַלט כאָטש איין אונזערע קונדן. קענסט זיך נאָר גוט זידלען. ניין, דער איד וועט שטייגן הויך. האָסט גאָר נישט קיין חוש פון א געשעפטסמאַן ווען דו קענסט אַזא זאַך נישט איינזען.

מערי האָט זיך געפילט אין זיבעטן הימל פון איהר פאָטער'ס רייד. וואָס וויל ביל פון סעם'ן ? שמוציקער איד ! אַלע האָבן דאָך פאַר אים דעם גרעסטן רעספּעקט ! וואָס פאַר א איד איז ער ? וואָס איז אַזוינס א איד ? אָט וועט זי פרעגן סעם'ן : ער ווייס דאָך אַלץ, דער ליבער, דער גוטער ! וועט ער זיך נישט באַליידיקן ?

נ י י ן , סעם האָט זיך נישט באַליידיקט ; ער האָט געלאַכט.

— א איד טראָגט א לאַנגע, לאַנגע באָרד, לאַנגע פּאות, אַזוי ווי פּראָפּן ציערס, א גרויסן טלית קטן מיט לאַנגע ציצית, א לאַנגע קאַפּאָטע, האָט פיינט חזיר און האָט נאָך פיינטער גוים.

מערי האָט געלאַכט :

— און דו האָסט גראָד אַזוי ליב חזיר־פליייש מיט בעבלאַך, און מיך אויך . . . זאָג איך טאַקע, אַז דו ביזט נישט קיין איד.

— ניין, איך בין יאָ א איד . . .

ער האָט איינגעצויגן די ברעמען און געוואָרן ערנסט.

— אָבער מיט וואָס ? — האָט זיך מערי געוואונדערט. — מיט וואָס ביזטו אנדערש ווי אַלע אונזעריקע ? ביזט נאָר בעסער און קלוגער פאַר זיי. אפילו דער טאַטע זאָגט אַזוי. איך פאַרשטיי נישט.

ער האָט איר נישט געקענט גיבן צו פאַרשטיין, אַז אין אים דרעמלען זכרונות פון א קליין שטעטל אין דרום־רוסלאַנד, וואו עס האָבן געלעבט א סך אָרימע אידן א חשך לעבן און תמיד אין שרעק. דאָרט, אין שטעטל, איז געווען א הויכער דאַרער איד, וואָס איז געווען תמיד א בייזער און תמיד געהוסט. דאָרט איז אויך געווען אַן ענגער פינסטערער חדר, מיט א רוצח א מלמד, וואָס פלעגט שלאָגן מכת רצח, און אַז מ'פלעגט פּטור ווערן פון חדר און גיין אהיים, פלעגן ערשט באַפאַלן די שקצים און ווידער שלאָגן. און פלעגט מען שבת אַרויסגיין צום וועלדל אָדער כאַפּן א גליטש אויפ'ן דניעפּר, איז ווייטער געווען א מלחמה מיט די שקצים. און אַז מען איז געקומען אהיים א צעדראַפּעטער אָדער מיט אַן אָפּגעריסענעם אַרבל, האָט ערשט דער בייזער טאַטע דערלאַנגט א חלק :

— א אידיש קינד דאַרף אויסווייכן די שקצים.

און אַז עס איז אַוועק דער ווינטער מיט די ביטערע קעלטן און די וואַרי־

מע זון האָט זיך געשפּיגלט אין די בלאָטעס און אין שטעטל האָט מען גע־באַקט מצות און עס האָט זיך גערודערט דער ערב יום טוב, פלעגן זיך צע־זאַמענפאָרן די פּויערן אויפ'ן יאַריד און זיך אויסשטעלן אויפ'ן גרויסן מאַרק אַנטקעגן קלויסטער, קאַטערינקעס האָבן געשפּילט, קונצענמאַכער האָבן זיך געדרייט אויף שטריק, אַלץ איז געווען אַזוי שיין. מיט אַמאָל ווערט א בהלה:

— מען שלאָגט זיך ! א פּאָגראָם !

איז מען נעלעגן אויפ'ן בוידעם ציטערנדיק פון שרעק און פון קעלט און אין דרויסן האָט עס אַזוי שרעקלאַך געוואָיעט און געטומלט און ביינאַכט האָט זיך דורך די לעכער געריסן דער בלוטיקער אָפּשיין פון שרפות און דער מורא'דיקער קרעכץ פונ'ם גרויסן קלויסטער־גלאָק : באַם ! באַם ! באַם !

ער נעדענקט דאָס ווי אין חלום . . . ער האָט געמוזט זייער יונג זיין. נאָר אַז ער דערהערט א קלויסטער־גלאָק קלינגען, כאַפּט אים אָן א אימה, לעבט עס אויף אין זיין זכרון. נײַן, מערי קען דאָס נישט פאַרשטיין. ער איז א איד, געוויס. ער געדענקט עס נישט תמיד, דאָך צייטנווייז דער־מאָנט ער זיך אָן אַלערליי נגישות און רציחות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פון די גוים סיי קינדערווייז אין דער היים, סיי אין זיינע וואַנדלונגען איבער דער וועלט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן אין אַמעריקע. לאָזט עס אים נישט פאַרגעסן, אַז ער איז א איד.

ער איז א איד, געוויס. אָט זי זעט דעם צייכן דאָ אויפ'ן האַנט ? דאָס האָט א פאַרמער אויף אים אָנגערייצט א בייזן הונט, שוין לאַנג צוריק, דאָ אין אַמעריקע, אין א דאָרף אין פענסילווייניע.

— אָבער דאָס איז דאָך אַלץ געווען אַמאָל, לאַנג צוריק — האָט מערי נישט פאַרשטאַנען. — דו ביזט דאָך אַזוי ווייט פון דעם.

ער האָט איר צוגעדריקט צו זיך.

— נו, געוויס . . . דערפאַר בין איך דאָך אַזוי ווי אַלע . . . נאָר אַמאָל דערמאָנט זיך און עס ווערט אומעטיק.

סעם איז געווען צופיל פאַרטאָן אין געשעפט און זעלטן צייט געהאַט זיך צו פאַרנעמען מיט זכרונות. די סביבה זיינע איז געווען א האַרטע און א פאַרגרעבטע און ער האָט געלעבט אַזוי פול און פשוט, אַז עס איז פאַר־בליבן זייער ווייניג פלאַץ פאַר סענטימענטן. און ער האָט געלעבט דעם פולן לעבן פון דער סביבה : האָט א סך געגעסן, געטרונקען, געשפּילט, געטאַנצט, זיך געיאָגט נאָך מיידלאַך, אַזוי ווי אַלע, נאָר נישט אַזוי מגושם'דיק, וואָס דאָס האָט אים צוגעגעבן מער חן ביים יונגוואַרג : אַזוי ווי אַלע, נאָר איידע־לער. אַלע מיידלאַך האָבן זיך אים אויפ'ן האַלז געהאַנגען, נאָר די בלאָנדע מערי מיט די בלויע אויגן, וואָס האָבן אים דערמאָנט אָן די קאָרן־בלימלאַך דאָרט אין היימישן שטעטל, איז געווען שענער פאַר זיי אַלע און האָט גע־טאַנצט לייכטער, האָט זיך אָנגעצונדן א פונק ביי אים אין האַרץ, וואָס האָט זיך צעברענט אין א הייסער ליבע. נו, דאַרף מען חתונה האָבן און ווערן א סטאַטיק. שוין צייט . . .

ער איז איצט געווען רייך, אָנגעזען און באַליבט אין דער גאַנצער געגנט

און זיין גליק וואָלט איצט געווען פאַרפולט, ווען די אומשטענדן וואָלטן אים נישט אוועגעריסן פון דער סביבה.

עטלאַכע מאָל א יאָר האָט ער פון זיך אראָפּגעוואָרפן דאָס וואָלענע העמדל, זיך איינגעשטייפּט אין א ווייסן קאָלנער און אינ'ם שמאָלן בלויען אַנצוג און געפאָרן אין שטאָט אריין קויפן סחורה. אָט ווי ער האָט נישט געוואָלט לאָזן דאָס געשעפט אויף פרעמדע הענט און ווי אומבאַקוועם ער האָט זיך נישט געפילט אין די שטאָטישע קליידער, האָט ער דאָך געמוזט צייטנווייז ארונטערפאָרן אין שטאָט אויסקלייבן סחורה אָנצוהאַלטן זיין פּרעסטיזש און קאָנקורענץ. ער האָט זיך געאיילט, זיך געיאָגט וואָס שנעלער צוריקצוקומען און האָט אויסגעלאָזט די פאַרגעניגנס, נאָך וועלכע די קליינ־שטעטלדיקע האָבן זיך אַזוי געיאָגט אין שטאָט אריין. אָבער ווי ער האָט זיך נישט געאיילט, איז ער דאָך געקומען אין צעזאַמענשטויס מיט פאַרשי־דענע מענטשן, איז אריינגעצויגן געוואָרן, כאָטש אויף א ווײַלע אינ'ם שטראָם פון שטאָטישן לעבן און איז אפילו אריינגעפאַלן אין א אידישן רעסטאָראַן. דאָס עסן איז געווען טויזנט טעמים ; ער האָט שוין לאַנג אַזאַ הנאה נישט געהאַט פון א מאָלצייט. האָט זיך פאַרקניפּט א געשפּרעך און עס האָט זיך אפילו באַלד געפונען א לאַנדסמאַן אויך, איינער א הורוויטש, א דערביי־איקער קרעמער.

אָט דער הורוויטש האָט זיך מיט אים ארומגעכאַפּט. א קלייניקייט, אַזאַ גאַסט ! א לאַנדסמאַן ! און נאָך וואָס פאַר א לאַנדסמאַן ! זיין טאַטע האָט דאָך פאַר אים קאַפּאָטעס גענייט, אים צו לענגערע יאָר. אים שיינט נאָך, אַז ער האָט סעם'ן אויך געקענט ווען ער איז נאָך געווען אָט אַזאַ קליינער קונדס. און וואָס הערט זיך ? ווי לאַנג אין אַמעריקע ? וואָס טוט מען ?

דאָס שטעטל איז צוריק אויסגעוואַקסן פאַר סעם'ס אויגן, אין גאַנצן ליבן חן. וואָס טוען זיי דאָרט אַלע ? ווי לעבן זיי ? צי ווייס ער עפּעס פון זיין פאַמיליע ? ער האָט פון קיינעם גאָרנישט געהערט זינט דער טאַטע איז געשטאָרבן און ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אין דער גרויסער וועלט אריין.

ניין, הורוויטש האָט גאָרנישט געוואוסט פון סעם'ס פאַמיליע. ער שרייבט זיך נאָך דורך מיט'ן שטעטל, ווייס אַז דאָרט איז גרויסע צרות, שיקט אַמאָל עטלאַכע דאָלער. פאַרוואָס זאָל סעם נישט אָנשרייבן א בריוול צום רב, וועט ער אַלץ אויסגעפינען.

— איך קען קיין אידיש נישט שרייבן — האָט סעם מודה געווען.

הורוויטש האָט פאַר אים אָנגעשריבן א בריוו און סעם האָט אריינגע־לעגט עטלאַכע דאָלער פאַר זיין פאַמיליע.

— און אויב איר זייט א בעלן אויף אן אמת'ן היימישן ראָסל־פלייש, זייט איר געלאַדן צו מיר אויף ביינאַכט — האָט הורוויטש פריינדלאַך פאַר־נעלעגט.

— איך וואָלט מיט'ן גרעסטן פאַרגעניגן — האָט סעם באַדאַנקט מיט א וואַסערדיק קול — איך מוז אָבער איילן אהיים. דאָס געשעפט איז אויף הפקר.

— פארגעסט־זשע נישט מיין אדרעס, לאנדסמאן — האט אים הור־וויטש געווארנט. — מען טרעפט דא זעלטן א לאנדסמאן אין אונזערע מקומות און נאך אזא שיינעם יונגנמאן. אונזערע מיידלאך וועלן אייך פארצוקן.

— מיין שיקסע וועט נישט לאזן — האט זיך סעם א וויצל געטאן.

הורוויטש איז געווארן ערנסט:

— וויצלט זיך נישט, יונגערמאן. פון די דאזיקע שרוכים קומט קיין נוטס נישט ארויס . . . איך האב שוין דאס געזען . . .

געקומען אהיים און זיך איבערגעטאן אין זיינע באקוועמע קליידער, האט סעם טעלעפאנירט מערי'ן:

— קום שנעל אריבער, מערי. די אידישע מיידלאך פון שטאט ווילן מיך אויסכאפן פון דיר.

— זאג זיי, אז איך שים גוט פון א ביקס — האט זי געלאכט — די בארג־מיידלאך האבן פאר אזעלכע קיין מורא נישט.

און אז זי איז אריבערגעקומען און זיך באקוועם איינגענעסטעלט אין זיין שויס, האט זי געזאגט:

— קיינעם וועל איך דיך נישט אפגעבן, ליבער, קיינעם.

— און ווען מען האסטו דאס געמיינט מיט'ן ביקס? — האט זיך סעם געוויצלט — מיך, צו די מיידלאך?

— דיך, דיך, פריער פאר אלעמען.

און זי איז צוגעפאלן צו זיינע ליפן.

— ווייסט — האט זי זיך פלוצים דערמאנט — גלעדים האט דאך שוין אויך געקראגן א בחור! און אין סעפטעמבער וועט זיין זייער חתונה. דער טאטע זאגט מען זאל אונזער חתונה אויך פראווען צוזאמען. איי, וואלט עס געווען שיין! וואס זאגסטו, סעם?

סעם האט זיך פארקרימט:

— פונקט אין סעפטעמבער ווען מען איז אזוי פארנומען אין געשעפט, אז עס איז נימא קיין צייט צו אטעמען. פארוואס נישט אפליייגן נאך נייר יאר, ווען דאס געשעפט איז שטיל? מיר ווילן דאך מאכן א האניג־רייזע, פארן קיין ניו יארק? האסט שוין פארגעסן?

פאר מערי'ן האט אבער געהאט א באזונדער חן די חתונה צוזאמען מיט דער שוועסטער און זי האט זיך געפעסטעט און געבעטן און איז אפילו צופרידן געווען אפצולייגן די האניג־רייזע ביז א פרייערע צייט, אבי צו האבן די אימפאזאנטע צערעמאניע פון א טאפלטער חתונה, פון וועלכער די גאנצע געגנט וועט ריידן און דערציילן פאר יארן.

— שטעל זיך פאר — האט זי א גליקלאכע גענומען מאלן דאס בילד — די גאנצע געגנט וועט זיין אויסגעשטעלט מיט מענטשן, אלע גלעקער פונ'ם קלויסטער וועלן קלינגען, און מיר וועלן גייען דורכ'ן גאס, צוויי כלות מיט ווייסע שלייערס, און צוויי קליינע מיידעלאך אין ווייסן וועלן גיין אין פאר־אויס און ווארפן בלומען, און אז מיר וועלן צוקומען צום קלויסטער, וועט אונז אויף די טרעפ אנטקעגנקומען דער גלח און . . .

נאר סעם האט איר פלוצים איבערגעשלאגן:

— וואָס מיינסטו דער קלויסטער מיט'ן גלח ? וואָס האָט עס צו טאָן מיט אונזער חתונה ?

— וואָס הייסט ? האָט זיך מערי געוואונדערט — וואו דען וועט אונזער חתונה זיין ? אודאי אין קלויסטער ! ווי דען ?

— ניין, מערי, אונזער חתונה וועט נישט זיין אין קלויסטער !

עס האָט אים אינסטינקטיוו געשווידערט פון קלויסטער. ניין, ער וועט נישט חתונה האָבן אין א קלויסטער. עס האָבן נישט געהאָלפן מערי'ס קושן, אירע טרערן און געבעטן, אפילו נישט אירע סטראשונקעס, אז זי וועט זיך נעמען דאָס לעבן. ניין, זי קען ביי אים בשום אופן נישט אויספירן. איז זי אוועק פון אים א ברוגז'ע און מער מיט אים נישט געוואָלט ריידן. זי האָט אים שוין מער נישט ליב און וויל אים נישט קענען. האָט עס אים געצויגן צו איר און ער האָט זיך געוואָלט מיט איר איבערבעטן, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אָן קלויסטער מיט די גלעקער, האָט ער אויפגעשווידערט און פארביסן געשוויגן.

אונטער דער צייט האָט ער געקראָגן א בריוול פון הורוויטש'ן אז עס איז דאָ אן ענטפער פונ'ם שטעטלשן רב מיט זייער פיל וויכטיקע ידיעות, זאָל ער זיך מטריח זיין קומען. סעם האָט זיך אפילו נישט געקענט אוועקרייסן פונ'ם געשעפט, נאָר אזוי ווי דאָס גאנצע לעבן איז אים נישט ניחה געווען צוליב מערי'ס ברוגז, האָט ער זיך מישב געווען זיך אריבערכאַפן אין שטאָט און זיך צעשטרייען אביסל, פּרואוון ארויסשלאָגן פון קאָפּ.

קיין נחת איז אין בריוו נישט געווען. פון זיין פאמיליע איז דאָרט קיינער נישטאָ : די גרעסערע קינדער זענען צעשוואומען געוואָרן איבער דער גרויסער וועלט ; די מאמע האָט חתונה געהאט מיט א ישוב'ניק און איז אוועק אויפ'ן ישוב מיט די קליינע קינדער. די צען דאָלער האָט ער אוועקגעגעבן אויף „הצטרכות"־הקהל : פרנסה איז געשלאָגן, די נויט איז גרויס און אָרימע לייט זענען דאָ לרוב. פון באקאנטע לעבן נאָך בלויז אייזיק דער מלמד מיט זיין גרויסער משפּחה. נעבאך א גרויסער אביון און א חלוש אויף די עלטערע יאָרן. אויב ער קען, וואָלט געווען א מצוה אים צו העלפן. פּאָרט אן אלטער תּלמיד.

ביי סעם'ן האָט א ציטער געטאָן א וואָרימע סטרונע.

אייזיק איז טאקע געווען א רוצח און האָט מער געשלאָגן און געשריען ווי געלערנט. דערפאר האָט ער מיט וואָרימקייט געדענקט די הויכע רבצין (ער האָט שוין פארגעסן איר נאָמען) וואָס פלעגט זיך אָפּט איינשטעלן פאר די קינדער און קריגן קללות פונ'ם רבין. אָפּט פלעגט זי אויך אין דער שטיל אונטערוקן א בייגל, וואָס זי פלעגט באקן פאר'ן מארק, און גלעטנדיק איבער'ן היטעלע זאָגן :

— מאך המוציא און עס . . . און אז דו'סט האָבן א קאָפּיקע וועסטו מיר אָפּגעבן . . . איך זע דו ביזט נעבאך הונגעריק . . .

נאָך בולט'ר האָט ער געדענקט די קליינינקע שווארצע באשקע מיט די גלאנציקע אויגלאך, וואָס האָט זיך תמיד געשפּילט מיט שמאטקעס און גע־מאכט פון זיי ליאלקעס. ווען נאָר דער רבי האָט אים געשלאָגן און ארויס־

געוואָרפן אין דרויסן זיך אויסוויינען, איז באשקע אויסגעוואַקסן נעבן אים, נענלעט אים איבער דער קאפּאָטקע און אים איינגערעט:

— וויין נישט, שלום'קע . . . ביזט דאָך שוין א גרויסער אינגל . . . אָט אז איך שלאָג מיין ליאַלקע, וויינט עס דאָך אויך נישט . . . נו וויין נישט . . .

און ביי איר אליין זענען די אויגלאך געווען פארלאָפן מיט טרערן.

— שיקט אייזיק'ן דעם מלמד הונדערט דאָלער — האָט סעם א זאָג געטאָן מיט א מאָדנעם עקסטאז — און שרייבט דעם רב, אז מען וועט דארפן וועל איך נאָך שיקן.

— איר האָט אן אמת אידיש הארץ — האָט אים הורוויטש געלויבט.

— עך, וואָס פאר א איד בין איך? — האָט סעם געלאכט — כסדר חזיר און אויסטערס און שיקסעס, נישט דאוונען, נישט לייענען, נישט שרייבן קיין וואָרט אידיש, עט . . .

— אָבער אידישע פיש האָט איר ליב?

— און ווי נאָך! — האָט סעם אויסגעשריען מיט התפעלות — איך האָב שוין א רעכט אידיש שטיקל פיש נישט פארזוכט זינט איך בין פון דער היים.

— נו, זייט איר א מזל'דיקער איד. היינט איז גראָד פרייטיק, זייט איר פארבעטן צו מיר אויף היינט ביינאכט און מיר וועלן האָבן אן עכט־אידישן פרייטיק־צו־נאכטס.

— מיט'ן גרעסטן פארגעניגן, און איך דאנק אייך.

די פיש מיט כריין, די יויך, דער צימעס — אלץ איז געווען אמת גע־שמאַק און ער איז שיעור נישט אריינגעפאלן אין דער אמאָליקער הייליקער שבת'דיקער שטימונג פון קינדוויייז. עס האָבן אָבער געשטערט די קאָקעטישע פלאפלערייען פון הורוויטש'עס צוויי דערוואקסענע טעכטער און מאדאם הורוויטש'עס צודרינגלאכער עקזאמען וועגן זיין פארמעגן און איינקונפט און אויך הורוויטש'עס פארויכערן א גראָבן ציגאר.

„א שיינער שבת . . . א העכט ווילן זיי פאנגען."

ער איז געפאָרן א היים אן אנטוישטער. וואָס איז אין זיי געווען אידי־שעס, א חוץ דאָס עסן? כדי איבערצולעבן דעם ציטער פון עונג שבת האָט אים געפעלט אן ענג קליין שטיבעלע מיט פריש־אויסגעשאָטענעם זאמד אויף דער פּאָדלאָגע, צוויי בלאנקע מעשענע לייכטער מיט חלב'נע ליכטלאך אויפ'ן טיש נעבן די חלות מיט'ן צונגעדעקטן טישטוכל און א טאטע, וואָס האָט אראָפּ־געוואָרפן די וואָכיקע בייזע מאסקע און קוקט אויף אלעמען מיט רחמנות־מילדע אויגן, אומשפרייזנדיק איבער'ן שטוב מיט'ן שלום עליכם, און א מאמע אין א ווייס יאקל, וואָס טיילט חלקים און בעט זיך, אז מען זאָל עסן. ניין, דאָ איז נאָר געווען א געשפּעט איבער'ן שבת, און די מיידלאך . . . זיי זענען נישט ווערט מערי'ס נאָגל, כאָטש זיי זענען אידישע. און דערמאָנט זיך, אז מערי איז א ברוגז'ע, האָט עס אים פארדריקט ביים הארץ.

די ערשטע אים צו באגעגענען איז געווען מערי.

— וואָס האָט פּאסירט, סעם? וואָס ביזטו פּלוצים געפאָרן אין שטאָט? אויף איר פּנים איז געווען אמת'ער שרעק.

ער האָט איר איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס.

— איך בין געפאָרן צו א מכשף זוכן אן עצה ווי אזוי דיך צוריק צו גע־ווינען — האָט ער גליקלאַך געלאכט — און אָט ביזטו טאקע אין מיינע אָרעמס.

זי איז אָבער געווען ערנסט און געוואָלט אלץ וויסן און ער האָט איר אלץ דערציילט, ווי אן אייגענעם מענטש. זי האָט זיך ערנסט צוגעהערט מיט א פארקנייטשטן שטערן און פלוצים באשלאָסן:

— ווייסט, סעם, איך וועל זיך קויפן א קאָך־בוך און זיך אויסלערנען קאָכן די אלע מאכלים וואָס דו האָסט ליב. נאָך דער חתונה וועסטו ביי מיר האָבן אידישע פיש, ראָסל־פלייש און צימעסלאַך. וועסט זען אז איך קען.

סעם האָט זיך געקאַטשעט פאר געלעכטער:

— און סט'מאכן פסח'דיקע קניידלאַך און מאָנעלאַך און קרעפלאַך און המן טאשן . . . אלץ וועסטו זיך אויסלערנען פון דיין קאָך־בוך . . . דער־ווייל בין איך זייער הונגעריק און מען דאַרף זיך אריינכאפּן עסן אביסל חזיר־פלייש מיט בעבלאַך.

זינט זייער איבערבעטן זיך איז מער נישט דערמאָנט געוואָרן צווישן זיי וועגן דער חתונה; זיי האָבן אפילו אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דער שוועסטער'ס חתונה. נאָר צו מערי'ס געבורטסטאָג האָט דער אלטער מעק־ענלי געוואָרפן א וויץ:

— סעם, ווען דו ניסט דיין געלט אויף א אידישער שול, אנשטאט אונ־זער קלויסטער, וואָלסטו עס כאָטש איינמאָל אויף דיין לעבן אָנגעקוקט — צו דיין חתונה.

— אפשר יע און אפשר נישט. דאָס וואָלט זיך געווענדט אָן מערי'ן.

— איך וואָלט מיט פארגעניגן געגאנגען אפילו אין שול — האָט זיך מערי ארויסגעכאפּט.

— נו, זעסטו, סעם? — האָט מעקענלי געזאָגט מיט נצחון — מיר האָבן מער טאָלעראנץ ווי די אידן.

— מיר האָבן אויף אייך קיינמאָל קיין פּאָגראָמען נישט געמאכט — האָט סעם קורץ געענטפערט.

— בלויז געלט פּאָגראָמען — האָט ביל א שטאָך געטאָן.

געזען, אז עס פארגייט אביסל צו ווייט, האָט דער אלטער איבערגע־טראָגן דעם געשפּרעך וועגן אויסזיכטן אויפ'ן גערעטעניש אויף קארטאָפלעס, מחמת די פארמערס באקלאָגן זיך אויף א ניי מין ווערימל, וואָס איז בא־פאלן די קארטאָפל־בליאונג. אָבער סעם האָט באמערקט, אז ביי די בני־בית האָבן זיך געביטן די באציאונגען צו אים און זענען ווייט נישט אזוי פריינדלאַך ווי געווען. זיי זאָלן נאָך מערי'ן נישט אָפּשלאָגן פון אים. מיט זיי וועט ער זיך שוין ספּראווען: ער וועט זיי אזוי פארקאָנקורירן, אז ער וועט זיי אוועקשיקן מיט א טאָרבע איבער די הייזער. זאָלן זיי זיך נאָר אָנהויבן מיט אים! ער האָט געפּרוואווט אויספאָרשן מערי'ן. זי איז געווען גאנץ אָפנהארציק: נו, אויסערן פאָטער, וואָס האָט זיינע רעכענונגען און אויסזיכטן האָט זי גענוג שטעכווערטלאַך פון דער פאמיליע. די מאמע איז

— פארגעסט־זשע נישט מיין אדרעס, לאַנדסמאַן — האָט אים הור־וויטש געוואָרנט. — מען טרעפט דאָ זעלטן א לאַנדסמאַן אין אונזערע מקומות און נאָך אזא שיינעם יונגנמאַן. אונזערע מיידלאך וועלן אייך פארצוקן.

— מיין שיקסע וועט נישט לאָזן — האָט זיך סעם א וויצל געטאָן. הורוויטש איז געוואָרן ערנסט:

— וויצלט זיך נישט, יונגערמאַן. פון די דאָזיקע שדוכים קומט קיין גוטס נישט ארויס . . . איך האָב שוין דאָס געזען . . .

געקומען אהיים און זיך איבערגעטאָן אין זיינע באקוועמע קליידער, האָט סעם טעלעפאָנירט מערי'ן :

— קום שנעל אריבער, מערי. די אידישע מיידלאך פון שטאָט ווילן מיך אויסכאפן פון דיר.

— זאָג זיי, אז איך שיס גוט פון א ביקס — האָט זי געלאכט — די בארג־מיידלאך האָבן פאר אזעלכע קיין מורא נישט.

און אז זי איז אריבערגעקומען און זיך באקוועם איינגענעסטעלט אין זיין שויס, האָט זי געזאָגט :

— קיינעם וועל איך דיך נישט אָפּגעבן, ליבער, קיינעם.

— און וועמען האָסטו דאָס געמיינט מיט'ן ביקס ? — האָט זיך סעם געוויצלט — מיך, צו די מיידלאך ?

— דיך, דיך, פריער פאר אלעמען.

און זי איז צוגעפאלן צו זיינע ליפּן.

— ווייסט — האָט זי זיך פּלוצים דערמאָנט — גלעדיס האָט דאָך שוין אויך געקראָגן א בחור ! און אין סעפּטעמבער וועט זיין זייער חתונה. דער טאטע זאָגט מען זאָל אונזער חתונה אויך פראווען צוזאמען. איי, וואָלט עס געווען שיין ! וואָס זאָגסטו, סעם ?

סעם האָט זיך פארקרימט :

— פּונקט אין סעפּטעמבער ווען מען איז אזוי פארנומען אין געשעפט, אז עס איז ניטאָ קיין צייט צו אָטעמען. פארוואָס נישט אָפּלייגן נאָך ניי יאָר, ווען דאָס געשעפט איז שטיל ? מיר ווילן דאָך מאכן א האָניג־רייזע, פאָרן קיין ניו יאָרק ? האָסט שוין פארגעסן ?

פאר מערי'ן האָט אָבער געהאט א באזונדער חן די חתונה צוזאמען מיט דער שוועסטער און זי האָט זיך געפּעסטעט און געבעטן און איז אפילו צופרידן געווען אָפּצולייגן די האָניג־רייזע ביז א פרייערע צייט, אבי צו האָבן די אימפּאָזאנטע צערעמאָניע פון א טאָפּלטער חתונה, פון וועלכער די גאנצע געגנט וועט ריידן און דערציילן פאר יאָרן.

— שטעל זיך פאָר — האָט זי א גליקלאכע גענומען מאָלן דאָס בילד — די גאנצע געגנט וועט זיין אויסגעשטעלט מיט מענטשן, אלע גלעקער פונ'ם קלויסטער וועלן קלינגען, און מיר וועלן גייען דורכ'ן גאס, צוויי כלות מיט ווייסע שלייערס, און צוויי קליינע מיידעלאך אין ווייסן וועלן גיין אין פאָר־אוים און ווארפן בלומען, און אז מיר וועלן צוקומען צום קלויסטער, וועט אונז אויף די טרעפּ אנטקעגנקומען דער גלח און . . .

נאָר סעם האָט איר פּלוצים איבערגעשלאָגן :

— וואָס מיינסטו דער קלויסטער מיט'ן גלח ? וואָס האָט עס צו טאָן מיט אונזער חתונה ?

— וואָס הייסט ? האָט זיך מערי געוואונדערט — וואו דען וועט אונזער חתונה זיין ? אודאי אין קלויסטער ! ווי דען ?

— ניין, מערי, אונזער חתונה וועט נישט זיין אין קלויסטער !

עס האָט אים אינסטינקטיוו געשווידערט פון קלויסטער. ניין, ער וועט נישט חתונה האָבן אין א קלויסטער. עס האָבן נישט געהאָלפן מערי'ס קושן, אירע טרערן און געבעטן, אפילו נישט אירע סטראשונקעס, אז זי וועט זיך נעמען דאָס לעבן. ניין, זי קען ביי אים בשום אופן נישט אויספירן. איז זי אוועק פון אים א ברוגז'ע און מער מיט אים נישט געוואָלט ריידן. זי האָט אים שוין מער נישט ליב און וויל אים נישט קענען. האָט עס אים געצויגן צו איר און ער האָט זיך געוואָלט מיט איר איבערבעטן, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אָן קלויסטער מיט די גלעקער, האָט ער אויפגעשווידערט און פארביסן געשוויגן.

אונטער דער צייט האָט ער געקראָגן א בריוול פון הורוויטש'ן אז עס איז דאָ אן ענטפער פונ'ם שטעטלשן רב מיט זייער פיל וויכטיקע ידיעות, זאָל ער זיך מטריח זיין קומען. סעם האָט זיך אפילו נישט געקענט אוועקרייסן פונ'ם געשעפט, נאָר אזוי ווי דאָס גאנצע לעבן איז אים נישט ניחה געווען צוליב מערי'ס ברוגז, האָט ער זיך מישב געווען זיך אריבערכאַפּן אין שטאָט און זיך צעשטרייען אביסל, פרואוון ארויסשלאָגן פון קאָפּ.

קיין נחת איז אין בריוו נישט געווען. פון זיין פאמיליע איז דאָרט קיינער נישטאָ : די גרעסערע קינדער זענען צעשוואומען געוואָרן איבער דער גרויסער וועלט ; די מאמע האָט חתונה געהאט מיט א ישוב'ניק און איז אוועק אויפ'ן ישוב מיט די קליינע קינדער. די צען דאָלער האָט ער אוועקגעגעבן אויף „הצטרכות“־הקהל : פרנסה איז געשלאָגן, די נויט איז גרויס און אָרימע לייט זענען דאָ לרוב. פון באקאנטע לעבן נאָך בלויז אייזיק דער מלמד מיט זיין גרויסער משפחה. נעבאך א גרויסער אביון און א חלוש אויף די עלטערע יאָרן. אויב ער קען, וואָלט געווען א מצוה אים צו העלפן. פאָרט אן אלטער תלמיד.

ביי סעם'ן האָט א ציטער געטאָן א וואַרימע סטרונע.

אייזיק איז טאקע געווען א רוצח און האָט מער געשלאָגן און געשריען ווי געלערנט. דערפאר האָט ער מיט וואַרימקייט געדענקט די הויכע רבצין (ער האָט שוין פארגעסן איר נאָמען) וואָס פלעגט זיך אָפט איינשטעלן פאר די קינדער און קריגן קללות פונ'ם רבין. אָפט פלעגט זי אויך אין דער שטיל אונטערוקן א בייגל, וואָס זי פלעגט באקן פאר'ן מארק, און גלעטנדיק איבער'ן הימעלע זאָגן :

— מאך המוציא און עס . . . און אז דו'סט האָבן א קאָפּיקע וועסטו מיר אָפּגעבן . . . איך זע דו ביזט נעבאך הונגעריק . . .

נאָך בולט'ר האָט ער געדענקט די קליינינקע שווארצע באשקע מיט די גלאנציקע אויגלאך, וואָס האָט זיך תמיד געשפּילט מיט שמאטקעס און גע־מאכט פון זיי ליאלקעס. ווען נאָר דער רבי האָט אים געשלאָגן און ארויס־

א פרומע, די שוועסטער זענען איר מקנא, די ברידער זענען גלאט ארומלווי־
פערס, אריינגערעכנט ביל'ן, וואס האט גלאט פיינט אידן, גיט מען איר
אפטע שטעכווערטלאך. נאר זי קימערט זיך ווייניק וועגן זיי און קען זיך
בכלל איר שטעטל באשטיין. זאל ער אויך קיין זארג נישט האבן. אט
וועלן זיי חתונה האבן און זי וועט מיט זיי אינגאנצן נישט האבן צו טאן.

דערווייל האט זיך אונטערגערוקט דער סעפטעמבער מיט גלעדים
חתונה, האט זיך סעם מישב געווען, אז כדי אויסצומיידן אומאנגענעמלאכ־
קייטן פאר זיך און פאר מערי'ן, וועט ער גאר פארן אין שטאט אריין. האט
ער צונעשיקט א שיינע מתנה, זיך שטארק אנטשולדיקט מיט א גוטן אויסרייד
וועגן געשעפטן און געפארן אין שטאט אריין.

געשעפט האט ער דארט געהאט גאנץ ווייניק, ער איז באלד פארטיק גע־
ווארן און איז אוועקגעגאנגען זען הורוויטש'ן. ער האט געפונען דאס גע־
שעפט פארשלאסן. א פארוואונדערטער איז ער געבליבן שטיין: וואס איז די
מעשה ? עפעס אן אומגליק, חלילה ? איז ער אויף גיך אוועק אין דערביי־
איקן רעסטאראן — אויך פארשלאסן ! וואס טוט זיך דא ? האט ער זיך
ארומגעדרייט ארום רעסטאראן אריינגעקוקט אין די פענסטער און געפרוווט
די טיר, ביז עס איז ארויס דער פוילישער גוי און געפרעגט וואס ער וויל.
אויף זיין פראגע פארוואס אי זיי אי די הורוויטש זענען פארמאכט, האט ער
געענטפערט אויף א גוי'אישן אידיש :

— פויער, היינט איז דאך יום כפור !

א ים מיט עראינערונגען האבן ווי כוואלעס א שלאג געטאן אויף אים. א
געפאקטע שול מיט אידן אין קיטלען און טליתים, גרויסע וועקסענע ליכט,
זיפצן, קרעכצן, תפילות, א חזן מיט משוררים, א יאמער פון דער ווייבערשער
שול . . . ער האט א ציטער געטאן.

— וואו געפינט זיך דא די שול ?

דער גוי האט נישט געוואוסט.

א שאד, אים וואלט זיך אזוי געוואלט א קוק טאן ווי אידן דאוונען יום
כפור אין אמעריקע, נאר עס איז נישט געווען ביי וועמען צו פרעגן. וואס
טוט מען דערווייל ביז די אידן וועלן צוריק קומען פון שול ? ער האט גע־
האט א האלבן טאג א פרייען. דארף מען אריינגיין אין טעאטער, צי זען
ווי א פאר גרויסע געשעפטן פוצן אויס זייערע שוי־פענסטער. דערווייל וועט
ער זיך אריינכאפן עפעס צובייסן. מען טאר דאך, דוכט זיך, יום כפור
נישט עסן ? זיכער נישט. איז ער אריין אין טעאטער אומגעגעסן.

ארויסגייענדיק פון טעאטער איז שוין געווען פינצטער און, ער איז גלייך
אוועק צו הורוויטש'ן, וועלכער האט שוין געהאט אפן דאס געשעפט. הור־
וויטש האט אים פריינדלאך באגעגנט :

— נו, שוין אפגעפאסט ? געווען עפעס א גרינגער תענית ?

קיין תשובה אויף די געלט איז נאך נישט געווען. וואלט ער נישט
געווען א בעלן אראפקומען אהער עטלאכע טעג שפעטער, וועט שוין מן הסתמא
זיין אן ענטפער, וועט ער דערווייל פארברייננגן סוכות. ער מאכט אן אמת'ע
סוכה, מיט סכך, מיט עפלאך . . . אדער אפשר גאר שמחת תורה ?

ניין, דאס געשעפט לאזט נישט. ער האט זיך באדאנקט. אפשר אן

אנדערש מאָל, ווען ער וועט מער קיין קאָנקורענט נישט האָבן אונטער'ן נאָז. דערווייל מוז ער זיך איילן אהיים. האָט זיך הורוויטש געטומען בייזערן: אַלץ געשעפט און געשעפט. און ווען לעבט א מענטש? ליגט א איד אין די בערג און קלייבט געלט! פאר וואָס, פאר וועמען? וואָס טוט אזא יונגער־מאַן פאר זיך, פאר זיין פאָלק? פארוואָס זאָל א איד עפּעס נישט גיבן אויף דער תלמוד תורה, צי קויפן א שקל?

— א שקל, מיט גרעסטן כבוד! וויפיל קאָסט עס? א? טאָ גיט מיר פינף. דאָס רעשט איז פאר דער תלמוד תורה...

ער האָט מיטגעפירט מיט זיך אין די בערג נישט נאָר הורוויטש'ס ברכות, נאָר א ים פון אויסגעלעבטע זכרונות, וועלכע האָבן אזוי אנגענעם געוואַרימט דאָס הארץ. נאָר אז ער איז געקומען אין געשעפט און דערזען די אומאָרדנונג, איז אַלץ ערגעץ אויסגערונען און עס האָט זיך געטראָגן זיין באפעלערישע שטים:

— נעלסאָן! טעלעגראַפירט ווערטהיים קאָמפּאַניע. צוויי טוצן העמ־דער נומער דריי און צוואַנציק, זעכצענער מאָס און...

איצט איז נישט געווען קיין צייט פאר סענטימענטן, אפילו נישט פאר מערי'ן. די פאַרמערס האָבן פארקויפט די אראָפּגענומענע תבואות און באַ־לאַנגערט זיין געשעפט. עס האָבן זיך אָנגערוקט די יום טובים און מען האָט אַלץ געמוזט באַזאָרגן. מערי האָט אפילו געפּרוּאווט דערמאָנען וועגן דער חתונה נאָך ניי יאָר, נאָר ער האָט איר פארמאַכט דאָס מויל מיט קושן:

— ליבינקע, נאָך יום טוב וועלן מיר ריידן וועגן חתונה, נישט איצט...

ער איז דאָס יאָר געווען אזוי פארמאַטערט פון די יום טוב געשעפטן, אז ער האָט נישט געקענט קומען צו די מעקענלים צום קריסטמעס בוים, ווי עס איז געווען זיין מנהג פון עטלאַכע יאָר. איז געלעגן אין זיין צימער און גע־טראַכט וועגן אויספאַרקויף גלייך נאָך ניי יאָר און געפּרוּאווט זיך דערמאָנען וועגן אַלע פּריוואַטע געשעפטן וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט אין דער טומל־דיקער צייט. יאָ, פון הורוויטש'ן איז געקומען א שווערער בריוו, וואָס ליגט שוין ביי אים א פּאָר וואָכן; טשיקאַווע צו וויסן וואָס ער שרייבט. עפּעס ידיעות פון דער היים? דאָס שטעטל האָט א לייכט געטאָן פאר זיינע אויגן אינגאַנצן ווייס ווי שניי, וואָס סקריפּעט אונטער די פיס. ווי גוט עס וואָלט איצט געווען ארויסצולויפן אויפ'ן פּראָסט און זיך דורכגליטשן אויפ'ן דניעפּר. עס וואָלט אזוי אָפּגעפרישט!

דער לאַנדסמאַן האָט געמאָלדן שרעקלאַכע זאַכן. דאָס שטעטל, די גאַנ־צע געגנט און נאָך פיל שטעט זענען חרוב געוואָרן פון פּאָגראָמען רציחות, פארגוואַלטיגונגען, מיתות משונות, שרפות. ער האָט געלייענט מיט שווי־דער, און נישט געקאָנט איינשלאָפן ביז'ן פאַרטאָג אריין. און אז ער האָט איינגעדרעמלט האָבן בייזע חלומות געמאַטערט און אים האָט זיך אויסגע־וויזן, אז ער איז נאָך א קליין אינגל און האָט זיך באהאַלטן אויפ'ן בוידעם פון די צעיושעטע גוים אויפ'ן מאַרק און ער ליגט און שוידערט פון שרעק און הערט זיך צו צו די שרעקלאַכע קולות פון גאַס, דורך א שפּאַלט לייכט אריין דער בלוטיקער אָפּשיין פון א שרפה און דער קלויסטער־גלאָק האַלט אַלץ אין ברומען: באָם! באָם! באָם!

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. די זון האָט אים געברענט אין די אויגן און עמיצער האָט געקלאַפּט אין טיר.

— ווער איז דאָס ?

— איך, מערי, עפען אויף . . .

— באַלד, איכ'ל נאָר עפּעס כאַפּן אויף זיך.

מערי האָט געהאַט א פּרעטענזיע, וואָס ער איז נעכטן אָוונט נישט גע־קומען. זי איז געווען זעהר אומרואיק. צו וואָס האָט ער אַזוי פיל ? ער האָט דאָך שוין קיין פּנים אויף זיך נישט. צי איז ער נישט קראַנק ?

ניין, ער האָט אומאַנגענעמליכקייטן, שלעכטע ידיעות. נאָר ער האָט פּלוצים אויסגעגלאָצט אויף איר א פּאָר אויגן. וואָס איז דאָס ? אויפ'ן האַלז ביי איר האָט געפינקלט א קליין צלמ'ל און די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די דימענטן.

— זעסט נישט ? א צלמ'ל. ביל'ס קריסטמעס מתנה. איז שיין ?

סעם איז אויפגעשפּרונגען און נישט מיט זיין קול געברומט :

— טו עס גלייך אויס, גלייך אויפ'ן שטעל, אויב דו ווילסט זיין מיין פריינט, מיין פרוי . . . גלייך ! שנעל !

— אָבער, סעם — האָט זיך מערי געוואונדערט פון זיין כעס—וואָס . . . אָבער סעם האָט איר נישט געלאָזט ריידן :

— נאַ, לייען ! — האָט ער איר געשטופּט דעם לאַנדסמאַנ'ס בריוו אין האַנט — זע ס'אַרא רציחות מען איז באַגאַנגען, זע ! מע האָט גע־הרג'ט, געקוילעט, געברענט, געשענדט, אויסגעברענט צלמים אויף די לייַ־בער. אוי גאָט !

— אָבער וואָס בין איך שולדיק וואָס די ווילדע טוען דאָרט ? — האָט אים מערי נישט פאַרשטאַנען — באַרויאיק זיך, סעם, זע, איך בעט דיך.

— טו אויס דאָס צלמ'ל, זאָג איך דיר !

זיין קול איז געווען האַרט און באַפעלעריש, זיינע אויגן פול מיט בלוט.

— אָבער פאַרוואָס זאָל איך באַליידיקן מיין ברודער און די משפּחה צו־ליב דיינעם א משוגענעם קאַפּריז ?

ער איז פּלוצים צוגעקומען נאָענט צו מערי'ן א ריס געטאָן דאָס צלמ'ל מיט'ן קייטעלע פון איר האַלז, א שמיץ געטאָן אָן דר'ערד און גענומען שפּרינ־גען אויף דעם און טרעטן עס ווי משוגע :

— א — האָט ער געברומט — איר קענט נישט באַליידיקן די אייערי־קע ! איר קענט נאָר ברענען און בראָטן די אידן, אָנטאָן זיי אַלערליי נגישות, דאָס קענט איר !

מערי איז געשטאַנען א צוטומלטע, א דערשלאָגענע פונ'ם פּלוצימדיקן ווילדן אומפאַרשטענדלאַכן אויסברוך, נאָר ביסלאַכווייז איז זי געקומען צו זיך, האָט זיך אויסגעגלייכט און שטאָלץ געוואָרפן אים אין פּנים אריין מיט האַס און עקל :

— ביזט א שמוציקער איד !

און אים פאַרלאָזט.

סעם האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט און געבליבן שטיין א פאַרטראַכ־טער, א פאַרלוירענער . . .

שמואל סעמיאק.

# רויטע נעכט

זון פארגייט.
בלאנק פון הייסן קופער — בליאסק אויף חורבה'דיקע שויבן.
איבער דרייצן טויזנט דורות'דיקע בערג
בלוטיקט איצט די שעה.

אָוונט פאלט.
מיט אָפגאנג פון טאָג איז אָנגעלאָפן רויטער וואונדער
און אָנגעיאָגט אויף אלע הייזער שאָרך פון נאכטיקע באגערן.
פאלט דער טאָג,
ברעקלט זיך אין רויטע רגע'ס —
לעצטע שעה וויל אלץ פארצערן.

נאכט.
אויף דעכער שימלט גרינער שיין פון רינענדיקע שטערן.
געזאנג פון וואכנדיקע פייגל אויף פאלמען און אלייען
רייצט דורך זומערדיקע גאסן.
פון שפעטע נאכט-קאפייען
שרייט ארויס די לוסט פון באלדיקן פארצערן.
אָטעם לויערט, פיבערט-אויף און ברענט.
אויף יענער זייט פענצטער, טירן, ווענט —
פראל פון אלע פולסן,
פלאָנטער פלאָנטערט,
פאָרט און פארעט,
פרייכט און פעכעט.
רויעט זיך דאָס פרוכטלאָז לעבן.
רויזן ראנגלען אונטער רויטער ראָסע —
ברענט א נאכט א שווערע
און שניידט פון לייב און לעבן מיט א רויט-צעגליטער קאָסע —
דורך אלע פענצטער וויינט ארויס די רויטע זרע.

אויפפראל פון מפיל'דיקן דור דורך רינענדיקע לייבער.
מפיל'ס שפארן דורך מיט אלע קלאמערן,
רייסן מיט אלע מאמעדיקע קאמערן.
א דור, א דור,
א רגע אלט —
ציטערט אויף און פאלט.
אין זומערדיקן חלל ברעקלט זיך דאָס רגע'דיק געוויין
און שניידט זיך אין דער רויטער נאכט אריין —
ש-וו-י-נ-ד-ז-ו-כ-ט — — — ש-וו-י-נ-ד-ז-ו-כ-ט.

# ער האָט געוויינט

ער האָט געוויינט.

דלאָט און האמער אין האנט,
אליין ווי אויסגעגאָסן פון מארמאָר־שטיין איז ער געזעסן
און נישט טרערן אין טראָפּנס צעטריפט,
נאָר אָרט אין געזיכט
אין קארבן טיף ארייננגעשניטן.
ארום אויג, נאָז און ליפּן
געלעגן איז זיין געוויין.

ער האָט געוויינט.

און אנטקעגן אים,
געהויבן אויף א פּעדעסטאל איז זיין ווערק געשטאנען.
מאן און פרוי,
געברוסט צו געברוסט,
פון איין שטיק שטיין ארויסגעשניטן.
הענט צו די הימלען אויפגעהויבן,
קאָפּ פארוואָרפן אויף אהינטער זיך,
פארטיפט אין אינערע וועלטן,
רופן צו איין גאָט,
זוכן אין די הימלשע געצעלטן.

ער האָט געוויינט.

אוועקגעריסן דאָס אויג אויף רעכטס :
אין שטיינברוכן ארייננגעשניטן ליגט א שניידנדער געלעכטער.
אוועקגעריסן דאָס אויג אויף לינקס :
אין שטיינברוכן ארייננגעשניטן ליגט א דערשטיקטער געוויין.
און אין קרייז פון געלעכטער און געוויין, פארקרייזט,
ליגן קינדער —
הענט פארפלאָכטן, פיס פארפלאָנטערט —
קינדער אין געלעכטער,
קינדער אין געוויין.

ער האָט געוויינט.

יואל ענטין.

# ה רויזענבלאט

(וועגן זיין צווייטן באנד לידער
„אונטער גאָט'ס הימלען").

ה. רויזענבלאט'ס צווייטער באנד לידער „אונטער גאָט'ס הימלען", וואָס איז דערשינען עטלאכע יאָר נאָכ'ן ערשטן באנד און וואו עס זענען צענויפגענומען די געזאנגען וואָס האָבן אין אונ֞ער דיכטער ארויסגעקוואָלן אין די יאָרן 1915-1920, האָט ליידער נישט ארויסגערופן דעם זעלביקן ווארימן אינטערעס וואָס דער ערשטער באנד האָט ארויסגערופן. עס זענען פאראַן עטלאכע סבות דערצו: א צווייט בוך פון זעלביקן דיכטער אין א קורצער צייט ארום איז בכלל „די אנדערע טעג יום טוב"; אין באנד זענען פאראַן אייניקע לידער וואָס קלינגען איבערהויפּט ווי אן איבער'חזרונג פון לידער פון ערשטן באנד, עס הייסט זיי שטעלן מיט זיך נישט פאָר עפּעס נייעס אין מאָטיוו אָדער טאָן; עטלאכע לידער, באזונדערס אין די אפּטיילונגען „ווייסע וואָלקען-פליטער" און „דער רויטער שראַם", זענען אפשר („איין שעה", ז. 51) טאקע שוואכלאכע. פונדעסטוועגן מיין איך, אז דער באנד איז ביי אונז נישט אָפּגעשאצט געוואָרן ווי געהעריג איז; איך מיין, ער האָט געמעגט ארויסרופן א סך פרייד ביי די ליבהאָבער פון דער אידישער פּאָעזיע.

אין „אונטער גאָט'ס הימלען" איז, נישט קוקנדיג וואָס דאָ און דאָרט שפּירט זיך אימיצנ'ס איינפלוס (היינע, בוירנס, פּרץ א. א.) פאראַן נייעס. דער פרעמדער איינפלוס איז צום גוטן, קלינגט נישט ווי א נ אָ כ ז י נ ג ע ן נאָר ווי א ו ו י י ט ע ר - ז י נ ג ע ן, איז אנרעגנדיק, באפרוכפּרנדיק. דערווייל אנטפּלעקט זיך א טיפערער און פיינערער רויזענבלאט.

מיר האָבן אין דעם באנד אייניקעביישפּילן פון פּערפעקטער ליריק, לידער וואָס א חוץ וואָס זיי זענען דין-דורכדרינגלאך מיט נייער עמפּינדונג, און צארט-ראפינירט מיט זייער שטימונג, זענען זיי אויך פולשטענדיק אויסגעהאלטן אין טאָן און דורכאויס גאנץ אין זייער צעזאמענשטעל. און נישט אומזיסט לאָזט אזא עכט און אמת-מאָדערן ליריש ליד ווי „דו ביזט שולדיק" (ז. 16) איבער אזא דויערנדיקן און פיין-געפילטן איינדרוק:

דו ביזט שולדיק אין מיין טרויער: —
איז דערפאר דער טאָג א גרויער
און דער הימל אזא ברודנער
און אין גאס די מענטשן בייזע
און דער רעגן אזא נודנער . . .

דו האָסט מיר מיין הארץ פארביטערט :
צאנקט דערפאר דאָס ליכט און ציטערט
דאַן קומט דער זומער און פארגייט ;
און דער זייגער ציט צעקראַכן
און מיין שאָטן, מיר אנטקעגן,
זיצט די גרויע הענט פארבראָכן . . .

נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף דער שטילער און איינפאַך־הארמאָנישער מוזיקאַלישקייט פון ליד, ווי פון די מערסטע לידער, ווי, למשל, פון די פיין־קהלת'דיג־אָנגעהויכטע פערזן (ז. 35) :

און אָט אזוי גאָר אַז אַז עק :—
דער פרילינג קומט און גייט אוועק,
דער הארבסט — פון כמארנע טעג באַנלייט
און דאַן דער ווינטער — און עס שנייט.
און אָט אזוי גייט יאָר נאָך יאָר
און גרויער, גרויער ווערן מיינע האָר !

נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף דער מוזיקאַלישקייט, וואָס דאָס איז אפשר דער קאָנטיקסטער צייכן פון עכטער פּאָעזיע, קלינגט דאָך אויך אזוי העל ארויס פון אונזער דיכטער'ס ערשטן באַנד, שיעור נישט פון זיינע גאָר ערשטע לידער מיט יאָרן און יאָרן צוריק.

ס'איז אָבער יאָ ניי אין איצטיקן בוך (אויב ס'נארט מיך נישט אָפּ דער זכרון, וואָרים איך שרייב די שורות נישט האָבנדיק ביי דער האנט רויזענבלאַט'ס ערשטן באַנד) די זון־שיינענדיק קלאָרע, פון מאָל צו מאָל אומעטיק־לאַך־ווייסנאַכטיקע בילדלאַכקייט פון די לידער. נישטאָ ביי אונז קיין צו פיעל לידער, אפילו נישט ביי ראָזענפעלד'ן, וואו עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען אזא בליצנדיק־פינקלדיקע זון־און־וואסער־לאַנדשאפט ווי אין רויזענבלאַט'ס וואַסער־פאַל ליד „דאָס פארבאָרגענע" (ז. 57), און נישט צו אָפּט ווערן אין אונזער פּאָעזיע רוחניות'דיקע זאכן אזוי העל־פארביק באַלויכטן ווי „רעגן־געדאנקען" ביי רויזענבלאַט'ן („שטארקער קלאַפּט דער רעגן", ז. 22) :

. . . אָפּגעריסענע געדאַנקען,
ווי שכורים אין דער פינצטער,
וועלן שלעפּן זיך און וואַנקען,
וועלן זוכן בלינד און טאַפּן —

ווייניקער ניי אין רויזענבלאַט'ס קאריערע, הגם אין אונזער פּאָעזיע בכלל באַגעגנט אויך דאָס זיך נישט צו אָפּט, איז די באַלאַדישקייט פון בוך — כ'מיין נישט גראָד דאָס דערציילערישע, כ'מיין די איינפאַך־תמימות'דיקע, הארציק־פרומע דאָרפישקייט פון פיל לידער. ווייניקער ניי, ווייל שוין אין ערשטן בוך איז פאראַן אזוי פיל באַבעאישדיקע פרומקייט און גוטסקייט,

ווערט דער דונער און דער רעגן באַנענגט מיט אַזאַ פּשוט־ערלאַכער ברכה און דער פוס־גייער באַדט זיך אַזוי גליקלאַך־נעבענטשט אין זון און רעגן און רעגנבויגן. און דאָך האָבן מיר אפילו אין ערשטן באַנד נישט אַזאַ עכט־דאָרפיש, (הגם אַ קליין ביסל פיל־ווערטערדיק) פרום ראָבערט בוירנס'דיק ליד ווי אין די „בערג" (ז. 56), וואו עס בטחונ'ט זיך די זיכערקייט, אַז גאָט וועט אין זכות פון די טויבן פאַר אים דאָך דאָס שוואַך באַרג־שטיבל אין שטורם־נעכט באַשירעמען, ווייל —

. . . אויב גאָט אַז מ י ר פאַרעסט,<br>געדענקט ער דאָך דאָס טויבן־נעסט.

דערפאַר איז גאַנץ ניי אין רויזענבלאַט'ס שאַפן די טרויעריקע, די שווערמוטיקע, אָדער די פאַרקלעמט־בטחונ'דיקע נישט־דערזאָגטע נאָר סוגעסטירטע שטימונג־פיינקייט פון פיל לידער אין איצטיקן באַנד, ווי דער „סוד" אינ'ם ליידיקן שיפל מיט די וועסלעס אויפ'ן דעק (ז. 58), דער „קלאַנג" פון זשאַווערנדיקן רידל, פוילנדיקער מטה, צעהריזשעטן תכריכים־לייוונט און שימלענדיקע ליכטלאַך אין מלחמה־צייט (ז. 144) ; אָדער דער פּאַטאַליס־טישער אני מאמין אין דער גאולה „נאָך מיר" (ז. 130).

און בפירוש ניי — און דאַכט זיך אַז נישט נאָר ביי רויזענבלאַט'ן — איז דער פאַרצווייפלטער, קראַלנדיק־גראָטעסקער, גאַלגאַן־הומאָריקער טאָן פון שיינע עטלאַכע לידער אין איצטיקן באַנד, וואָס הגם עטוואָס היינע'איש אָנגעהויכט, ווערן זיי אָבער ביי אונזער פאָלקסטימלאַך־אידישן דיכטער עכט־אידישלאַך דורכגעפאַרבט ווי אין שטאַרקסטן ביישפּיל פון דעם זשאַנר „רואיק טפּש . . . ." (ז.45) :

האָט צוויי ליכט מיר אָנגעצונדן,<br>שטיל מיין לאָדן צוגעמאַכט,<br>מיט אַ זיפץ אַ ווייסן פּעקל<br>צו מיין בעט מיר צוגעבראַכט.<br>און דערנאָך אַוועק אין ווינקל<br>און זיך אויסגעטאָן די שיך.<br>— הער נאָר, פרעמדער, זאָג, ווער ביזטו ? !<br>— רואיק, טפּש, דאָס בין איך !

דאַרף נאָך צולעצט צוגערעכנט ווערן אַ גאַנץ קאָנטיקע אויסברייטונג, אויסצייטיגונג און פאַרקרעפטיקונג פון סטיל, וואָס גיט זיך לייכט צו פילן אין איצטיקן באַנד, למשל, אין ליד פון טרעמפּ וואָס ווייזט זיך פרילינג־צייט אין גאַס (ז. 73), אינ'ם נביא אָן אַן עדה (ז. 94) און פונ'ם עלפאַנט אין זאָאָלאָגישן גאָרטן (ז. 108).

און אין סך הכל האָבן מיר אין ה. רויזענבלאַט'ס „אונטער גאָט'ס הימלען" אַ בוך פּאָעזיע, וואָס כאָטש בדרך הכלל איז עס אפשר נישט אַזוי זאָרגלאָז־פריש און ליריש־לייכט ווי זיין ערשטער באַנד, איז עס אָבער, מיט

אביסל אויסנאם, ליריש־צארטער, פיין־פילנדיק־ראפינירטער איידער דאָס ערשטע בוך, עס איז אויך א בוך רייך אין גאנץ־און־האלב־טאָניק־ליכטיקער בילדלאכקייט, פארשידנארטיק שטימונגס־רייך, זייער אָפט באלאדיש־ הארציק און נישט־זעלטן סטיליסטיש־קראפטיק.

* *

*

און ווידער ווי איך האָב געענדיקט שרייבן וועגן רויזענבלאט'ס ערשטן בוך מיט יאָרן צוריק, אזוי מוז איך איצט אין יאָרן ארום נאָך אלץ זאָגן, אז פאר קיין אנטגילטיקן סך הכל פון רויזענבלאט'ס פּאָעזיע איז די צייט נאָך אלץ נישט געקומען, ווייל אימער נאָך שאפט ער און אימער נאָך (שוין נאָך דער שליסונג פון איצטיקן בוך) פארקלינגט ביי אים, אויב נישט א נייער טאָן, איז א נייער הילך, אימער נאָך גיט א פינקל, אויב נישט א נייער קאָליר, איז א נייער נואנס. אזוי, צום ביישפּיל, איז „צו טהאָם'ן דעם ראצן־יעגער", אייפּס פון זיינע אין קיין בוך נישט דערשינענע לידער, כמעט אינ־גאנצן ניי מיט דער שפּילעוודיקער פרילינג־בענקשאפט, פרילינג־פרייד און מיט דעם מענטשלאך־־טיריש־אוניווערזאלן ליב־און־לעבן דאָרשט.

ברכה קודלי.

# צום נזיר

צעריים דעם צודעק פון דיין אָפּגענארטער גאָטהייט
און צוים נישט מער דיין יוגנט-שעה אין פריסטער-קלייד.
ביי דער זון פון דיינע בלוטן
באָרג א פייערדיקן ווילן,
וואָס זאָל דיינע גלידער מיט גליענדיקן גארן פילן.
קוואל אוים דיין פרייד,
ווי א לויפנדיקער טייך אין פרילינג בארג אראָפּ
קוואלט ארוים זיין ווינטערדיק שווייגן.
גיב אוים דיינע באגערן,
ווי דער שטורם-זוינט וואָס רייסט אין הארבסט דאָס בלאט פון בוים.
נישט ווארט,
נישט צייל —
איבער אלע וועלטן היינט באפעל,
ווי ס'וואָלט מאָרגן דיין אונטערגאנג געווען.
זינג אוים דיין יוגנט-שעה,

ווי דער שוואונג פון גלאָקן-קלאַנג
וואָס זאָגט א שמחה אָן ;
ווי א רעגן
וואָס טיפט א מביל איין אין פעלד צוליב א זאנג.

# דערלייזונג

ווען דו פארטרויעסט צו די סטרונעס
דיין מעלאנכאָליע
דורך דעם לויף פון בויגן —
שווימט ארויס שטיקערווייז מיין לעבן פון ווייטן
ווי ביי דער נאכט אין זילבערנע וואולן א וואָלקן פארטראכט.
און אז דו צעפלייצסט דיין פרייד-געזאַנג
וואָס טיפט זיך אין א אנדאנטע פון שטילע פידל-טענער —
פאָכעט א שניי-ווייסער פליגל איבער מיינע אויערן גאָר באנייט
און שעפטשעט מיר דעם סוד פון זיין.
וויגט מיך מיין פארלוירענער טרוים
אין זיין גאָלדענעם וויגל
און טראָגט מיך אוועק צו מיינע יוגנט-טעג —
ווייט, ווייט.
געשטאלטן אין פורפור-פארבן טאנצן אין ריטמישן שפיל-געדריי
ווען ס'לאכט ארויס פון די סטרונעס דיין בענקשאפט-געשריי.
דיינע פידל-רייד בלאָזן אראָפּ די שווערקייט פון מיין געמיט
און הויכן מיך אָן מיט נישט-דאָיגער פרייד.
דורך דיינע קלאַנגען קומט דערלייזונג צו מיר
אין ליכטיקע פייערן געהילט,
און פאר א קורצע שעה
אין גאָלדענעם שלייער פארהילט זיך די וועלט.

# איך

דורות׳דיקע בריק.
אויסגוס פון שטאָלענע הערצער.
מיינע וואָרצלען געאייזנט אין אור-אלטע טיפן.
דורות האָבן דורך מיר זיך געבונדן — און געשפּאלטן.
ים-שטורמס האָבן צו מיינע ברעגן פולע שיפן צוגעבראכט —
געאנקערט זיי אין מיינע אָרעמס.
אין מיין שוים קומען יונגע טויבן זיך פּאָרן
מיט דער בענטשונג פון אויפגאנג.

איצט האָבן פייגל פון צעשטערטע נעסטן,
פייגל פון שענסטן מין,
אין מיינע ווינקלען זיך פארקליבן
און פראלן דאָס ליד פון אונטערגאנג ביז צום טויב-ווערן.

שטייגט אויף אין מיר דער אויפגאנג פון אור-אלטע טיפן.
שטאָלצט אויף אין מיר מיין דורות׳דיקער שטאם.
א טויזנט-יאָריקער אויפקום וועט שאלן דורך מיין שטאם
ביז׳ן אויפגאנג.

# רינגען

ווי די בלויע רינגען רויכן
אין די הויכן
רינגען זיך מיינע מחשבות.
צי איך זיך נאָך זיי
אין געדריי
מיט בעטנדיקע הענט.
צי איך זיך צו מיינע וואָלקן
זוכנדיק אין רויכן — טאָלקן.
צעווייען זיך די ווינטן
צעגייען זיך די וואָלקן
צעפליען זיך די טאָלקן
צעטראָגן זיך די רויכן —
בלייב איך ווי א בלאט
וויגנדיק זיך אין די הויכן.

יוסף קוצענאָגי (סיץ).

# קווייטלאַך

## א.

## מיט זיך

האָט א טראָפּן טינט געזאָגט צום שרייבער:

— סקנעטסט און שאַפסט מיט מיר פרעמדע לעבנס. נו, און דיינס?

דער שרייבער האָט די פעדער אוועקגעלייגט און גענומען א בוך אין האַנט. נישט געוואוסט וואָס ער לייענט. האָט ער זיך פאַרטראַכט.

און דער טראָפּן טינט אויפ'ן שפּיץ פעדער האָט ווייטער גערעדט:

— קליין איז דיין צימער און ענג. פאַר צוויי אומבאַקוועם. אַרומ־גייענדיק זעסטו: ברייטקייט און גראַמקייט. ווענט מיט זעקס און אַכט פענצטער קוקן אויף דיר אַזוי חוצפּה'דיק און רייצן זיך מיט דיר: האָסט א קליין צימער מיט איין פענצטער נאָר — פאַר דיר און דיין ווייב.

כסדר געטראַכט וועגן אַנדערע. זיך — פאַרגעסן. גרויסקייט גע'חלום'ט און ביי גאַרנישט געבליבן. געדאַנקען — קעגן דער ווירקלאַכקייט וואָס באַטייטן זיי?

היינט ביי א זיצונג געווען. קהל'סט זיך, טומלסט זיך, פאַרגעסט זיך. האָט אָבער אין דיר א געדאַנק אויפגעלעבט, נישט רוען געלאָזט. די זיצונג פאַרלאָזן: אַלע זאַטע, באַזאָרגטע.

הערט זיך פון גאָרער ווייט קינדער־געוויין, קינדער־געלעכטער: רייסן זיך יאָרנלאַנג פון דיין מאַרך, פון דיין האַרץ, פון אַלע דיינע גלידער — דיין איך צו פאַרצווייגן, דיין לעבן צו דערפרייען, א קוואַל אין דיין נשמה עפענען...

— צייט שלאָפן גיין — האָט זיך די ווייב אַריינגעמישט.

די פעדער האָט זיך דערשראָקן און רואיק ליגן געבליבן.

## ב.

## לאָס אַנגעלעס

ווייט —

פון ניו יאָרקער ענגע גאַסן, שיקאַגער וואָלקנס, פּיטסבורגער רויך — לאָס אַנגעלעס!

ווערסט פאַר'שכור'ט פונ'ם ריח פון מאַראַנצן־בלי, פאַרבלענדט פון די ריזיקע בערג, דערפרישט פון די כסדר־שטאָלצע פּאַלמעס.

זענען געקומען מענטשן, מידע. זיך קליינע, לופטיקע, זוניקע שטיב־לאַך אויסגעבויט. מיט גרינס באַפּוצט, שפּאַצירן זיי זיך רואיק, צופרידן.

פאַלן צו די נעכט — ליכטיק־ווייסע. וועקן פאַרלאַנגען פאַרגעסענע. לעבן אויף אייביקע אומרואיקייט. זענען אָבער די גאַסען שטיל, פענצטער — בלינד, טירן — פאַרמאַכט.

מאַראַנצן־בלי, בערג ריזיקע, פּאַלמעס שטאָלצע —

און די נאַכט א־ז ליכטיק.

און די נאַכט איז ווייס.

# ביים וואנט

(א. ע.)

.1

א פייף, א צי די אייזערנע וואגאָנען —
גע'כשופ'טע פאַנטאָמען ;
ראָבן שווארצע אין א ריי :
צענויפגעריעט, צענויפגעשלאָסן און אוועקגעפלויגן.
מיין ביינקשאפט,
אויף דינע שטראלן פון מיין הארץ,
פליט נאָך זיי.
נאָר איך —
ווי די בערג פארגליווערט, שטיי
א צוגעשמיטער צו דער ערד
מיט א קייט אזא וואָס שטיקט אין קעל,
ווערגט און קייקלט אויף א קנויל,
וואָס שפּארט ארויסצורייסן זיך פון מויל.
נאָר אין בלייכן אנגסט און שטומען גרויל,
אומבאהאָלפן וויגט מיין קאָפּ הין און הער
ווי אין שטייג אן אלטער בער.

.2

איך האָב געזען זון-פארגאנג אין גליענדיקן מדבר :
גאָלדיק-רויטע קושן אויפן זאמד ביים אָפּשייד.
איך האָב געהערט אור-אלטע וועלדער
זעגענענדיק זיך מיטן טאָג :
טויזנט טשעלאָס זינגען מעלאנכאָלישן נאָקטורן-ליד.
נאָר ביי די וואָס בלייבן שטיין ביים וואנט,
ציטערדיקער איז דער צער'פון לעצטן ז י י - ג ע ז ו נ ט.
ביים דרוק פון האנט,
אומעטיקער איז דער גלי
דער קוש און ברי פון פייכטע אויגן.
און פאר מיר —
ריזיקער און שווערער וואקסט די וואנט.

א צוגעקאָוועטער צום שוועל
מיט א קייט אזא וואָס שטיקט אין קעל,
ביים ארייננאנג פון מיין צוגעזאָגטן לאנד,
איך שטיי מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
אהין געווענדט,
וואו עס האָט די זון און דיין לעצטער בליק
זיך אויסגעברענט.

.3

העי, וואו פליסטו, ראנגלער,
מיט זינד און פליכטן-קנייטשן אויפן פנים,
און מיט דיין ערשטלינג אויף די הענט ? !
ווען זיך מער ניט שורה'ן דיינע טעג,
וואָס קומען דורך א ניט געעפנט טיר
און שטעלן זיך ארום דיין בעט
אין לאנגע נעכט,
שטרעקן אויס צו דיר די הענט
אין געבעט :
ז י י  א ו נ ז  מ ת ק ן ! — ?
און וועט דיין האָרב,
וואָס גייט פון פלייצע דיר אראָפּ
און ווערט א קארליק אלע נאכט,
ניט קלאפן מער מיט קליינע פויסטלאך דיר אין קאָפּ ?
ניט לאכן מער זיין שפיציקן געלעכטער,
וואָס שטעכט און ברענט
צווישן איינגע ווענט,
דאָרטן וואו די בלינדע האנט
וועט אָפּהאקן דיין וועג ?

.4

ס'האָט די בלינדע האנט פארנארט,
דיך איינגעשפאנט —
מיין ווינגנדיקער טרובאדור-פאיאץ
אויף טראפּעז פון פליכט און זינד —
נאָר פון זעגלען דיינע אויסגעשעפּט דעם ווינט —
מיין שפילנדיקער אויפן באראבאן און צארטן פלייט,
און ווי מאלפּע ביים קאטערינטשיק אויף א קייט —
היינגען זעגלען דיינע ליידיקע
ווי בעטלער-טאָרבעס אין הונגער-לאנד. — — — —

העי, פיליסטער !
גראַשנס ווארפט אין טאַץ
פארן צירק-פּאיאַץ !
ס'וועט זינגען דער פּאיאַצן-טרובאדור
פון אייגענע פארברענטע נעכט,
און ראַמאנסן פון א הור ! — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

שטיקט אין האלז אַ קנויל ?
שפּארן קללות זיך פון מויל ?
קלאַפּ אין הארצן מיטן פויסט
ווי אין דיין באראבאן —
ס'איז קיין אויסוועג ניט פאראן !
זיי וועלן ניט פארשטיין
און לאכן סיי ווי סיי
פון דיין ווייטאַקדיק-פארקרימטן פּנים :
זיינע שטיק מעקאַנים!

5

צעליב ליבע פאדעט ארום בלומען די בין ?
צי אוים פארגעניגן שפּינט אירע נעצן די שפּין ?
עס שפּאַנט די האַנט אונז אלעמען אין שפּאַן —
סיי ווי סיי :
ס'איז קיין אויסוועג ניט פאראן.
טאַ הויב דעם כוס און זינג,
צום טאקט פון טאמבורין,
פלייטן-צער און שווערן באראבאן :
צים-בא, צים-בא — צים באם !

אויף זיבן טייכן שווימען שוואנען,
אויף זיבן וואַלקנס רוט די זון —
איינאיינציק מיידל איז פאראנען,
נאָר וואָס האָב איך דערפון ?

שטורמדיקער פון די ים'ען,
שיינענדיקער פון דער זון —
איינאיינציק מיידל איז פאראנען,
נאָר וואָס האָב איך דערפון ?

צים-בא, צים-בא — צים-באם —
נאָר וואס האָב איך דערפון ?

רויטער ווײַן פון זיבן קראַנען,
זיבן יונגען גלוסטן שטום —
איינאיינציק מיידל איז פאַראַנען,
דער אכטער פאַדעט שוין אַרום!

אויף זיבן בוימער, זיבן שטאַמען
היינגען זיבן, קאַלט און שטום —
איינאיינציק מיידל איז פאַראַנען,
דער אכטער פאַדעט נאָך אַרום!

צים־באַ, צים־באַ — צים באַם!
דער אכטער פאַדעט נאָך אַרום!

6

ס׳וועט שוין קיינער קיין זאַך ניט פאַרזאַמען.
וועג און ציעל
זײַנען מער ניט ווי אַ שפּיל
ביי דעם וועלטן־אַקראָבאַט
וואָס וויגט זיך אויפן אייביקן טראַפּעז
ווי דער אומרו, וואָס טיילט חלקים צייט אין גאָרנישט.
נאָר זיכער איז די האַנט
וואָס תּל׳ט און בויט צעזאַמען.
די בלינדע האַנט
וואָס שלאָגט די לעצטע שעה פון שטאַרבנדיקן,
שפּינט דעם פאָדים־שטראַל פון יונג־שפּראָץ
אין מוטער־לייב פון קראַנקן־וועכטערן —
נאָר ביידע ווייסן ניט פון דעם פּיין און פרייד
וואָס בלייכט זיך שוואַנען־ווייס אין טויט
און וואָלט זיך אויסגעליכטיקט אין די אויגן פון אַ קינד.

ווי אַ וועטער־הענדל אין ווינט
זײַנען מיר אין בלינדער האַנט:
איך ביים וואַנט,
דו — רייטנדיק אויף שוואַרצע קראָען
און יענער וועלטן־אַקראָבאַט
טיילנדיק די אייביקייט אין גליוועדיקע שעה׳ן.

י. פרידלאנד.

# דער איד אין קאַליפאָרניע

די ערשטע אידישע אויסוואנדערונג צום מערב איז באשטאנען פון צוויי עלעמענטן: א וואנגדער, ענערגישער, גזלט־זוכנדיקער מענטש, וואָס האָט זיך מיט'ן אידישן לעבן וויינינק פארנומען; און א שוואכער, קראנקער, נידער־געשלאָגענער, וואָס איז אהער געקומען צו היילן זיינע קראנקע לונגען.ביידע עלעמענטן זענען נישט פון דעם מין, וואָס קענען שאפן א געזונט געזעלשאפט־לאך און קולטורעל לעבן. דער ערשטער האָט זיך באלד ארייננעטאָן אין מסחר, געוואָרן דער אייגנטימער פון גרויסע קראָמען, באנקן, פלאנטאציעס; דער צווייטער האָט זיך פארקליבן אין א „לופטיק צימער" אָדער גאָר אין סאניטאריום.

אין די לעצטע צען יאָר האָט זיך אָבער די לאגע א סך געביטן. קאַלי־פאָרניע, מיט איר וואונדערבארן האלב־טראָפּישן קלימאט, כסדר'דיקן זומער און זעלטענע נאטור־רחבות איז געוואָרן די מעקא פון טויזנטער איינוואוי־נער פון מזרח־אמעריקע. עס האָבן אָנגעהויבן קומען מענטשן פון כל־ערליי קאטעגאָריעס, האָבן זיך דאָ באזעצט, געוואָרן תושבים, אזוי אז קאליפאָרניע האָט באקומען דעם אויסזען פון א נאָמאל־לעבעדיקן ישוב. ממילא האָט דאָס אידיש לעבן דאָ זיך אָנגעהויבן אויסברייטן, פארצווייגן און קריגן א מער־וויינינקער באשטימטע אידישע פיזיאָנאָמיע. עס האָבן זיך געשאפן אידישע אָרגאניזאציעס, באוועגונגען, חברות, לאָדזשען און ארום די דאָזיקע אינסטי־טוציעס איז בישלאכווייז אויסגעוואָקסן א ריי אידישע געטאָס מיט א קאָנטיקער באוועגלאכקייט.

קען מען זאָגן, אז דאָס לעבן פון די אידן דאָ האָט א ספעציפיש־קאַלי־פאָרניער פנים? ניין. געקומען זענען אויסגעגרינטע, דורכגעמאכטע, אמע־ריקאניש־איינגעלעבטע אידן פון ניו יאָרק, שיקאגאָ, פילאדעלפיא, באָסטאָן א. א. וו. אָנהויבנדיק צו בויען דאָ אַ אידיש־געזעלשאפטלאך לעבן, האָבן זיי זיך באנוצט מיט די פארטיק־צוגעשניטענע מוסטערס פון יענע אידישע מזרח־צענטערן. אדרבא, די היגע אידן, אקוראט ווי אידן אין אלע אנדערע קליינע שטעט, באמיען זיך מיט אלע כחות נאָכצוטאָן די גרויסע שטעט און ווען דאָס געלינגט זיי זענען זיי זייער צופרידן.

— דאָך ניט געוואָרן קליינשטעטלדיק . . .

פון דעם אליין איז צו זען, אז וועגן א ספעציפיש־קאליפאָרניער אידיש לעבן קען מען בכלל נישט רעדן.

דוד נ. גראַקאָווסקי.

# ארום די ענגלישע זשורנאַלן

# פון מערב אמעריקע

מיט צען יאָר צוריק, ווען דער מזרח און מיטל־מערב האָבן שוין געהאַלטן אין איבערשאַפן א נייע שפּראַך פאַר'ן לאַנד, איז דער מערב נאָך געלעגן וויסט און אומבאַרירט פון דער נייער גרויסער ליטעראַרישער באַוועגונג אין אמעריקע. סמנים פון די נייע ווענדונגען אין דער אמעריקאַנישער ליטעראַטור האָבן דאָ אין מערב זיך אָנגעהויבן באַווייזן ערשט מיט פינף יאָר צוריק.

אין 1920 האָט גרייס א. דענען געגרינדעט אין לאָס אַנגעלעס דעם פּאָעזיע־זשורנאַל „ליריק וועסט", א מעדיום הויפּטזאַכלאַך פאַר דיכטער פון מערב־אמעריקע. די פּאָעזיע אין „ליריק וועסט" איז געווען, פאַרשטייט זיך, א לירישע, אָבער מיט א קאָנטיקער נויגונג צו די אַלטע אָנגענומענע ווערז־פאָרמען. דאָך האָט דער זשורנאַל געהאַט א גרויסן איינפלוס אויף דער קייער ענגלישער דיכטונג פון מערב־אמעריקע.

פאַר טייל דיכטער איז אָבער „ליריק וועסט" נישט געווען צופרידנשטעלנד. האָט זיך אין 1922 געגרינדעט אין לאָס אַנגעלעס אַן אַנדער זשורנאַל: „קאַפּריז". דער נייער זשורנאַל האָט ארום זיך קאָנצענטרירט די מער ראַדיקאַלע דיכטער פון מערב־אמעריקע, אָבער מער ווי א יאָר האָט ער נישט געקענט לעבן.

אין 1923 הויבן זיך אָן באַווייזן א ריי נייע זשורנאַלן. וו. ה. לענטש גרינדעט אין סאַן דיעגאָ, דעם פּאָעזיע־זשורנאַל „פּעגאַז", וועלכער ווערט א טריבונע פאַר מאָדערנער דיכטונג, פאַראייניקט א צאָל וויכטיקע דיכטער און גייט באַלד אויך אונטער. אין סאַן פראַנציסקאָ דערשיינט „דער וואַנדערער", אָבער מיר דוכט, אז ער קעמפט נאָך עד היום מיט גרויס שוועריקייט פאַר זיין עקזיסטענץ. סימולטאַן מיט דער דערשיינונג פון „וואַנדערער" באַווייזן זיך אין טאַאָ, ניי מעקסיקאָ, צוויי זשורנאַלן מיט אמאָל: „פּאַלמעס", רעדאַקטירט פון אידעלאַ פּורנעל און „דהי לאַפינג האָרס" (דאָס לאַכנדיק פערד), רעדאַקטירט פון ווילאַרד דזשאָנסאָן. טאַאָ, יענע זעלטענע ליטעראַרישע קאָלאָניע, וואו די גרעסטע קולטור־אוצרות ליגן באַהאַלטן, האַלט נאָך אָן אירע ביידע זשורנאַלן מיט באַדייטנדן ערפאָלג.

דעם זעלבן יאָר, אביסל שפּעטער, דערשיינט אין לאָס אַנגעלעס דער פערטל־יאָריקער זשורנאַל „פּיר", אַן אויפלעבונג פון די צוויי אונטערגעגאַנגענע זשורנאַלן: „קאַפּריז" און „פּעגאַז". דער זשורנאַל „פּיר" דערשיינט רעגלמעסיק יעדע דריי חדשים מיט לידער פון זיינע פיר ארויסגעבער:

יוסף גייער, ה. טאָמפּסאָן ריטש, וו. ה. לענטש און ד. נ. גראָקאָווסקי. „פיר" דרוקט הויפּטזאכלאך לאנגע פּאָעמעס אין דער ווער ליבר פאָרם.

דער לעצטער פּאָעזיע־זשורנאל, וואָס האָט ערשט נישט לאנג צוריק אָנגעהויבן דערשיינען אין פּאסאדינא, הייסט „פאנטאזיע" און איז געווידמעט צו דאָס ביזארע אין דער ליטעראטור און קונסט.

עס טאָר אויך נישט אויסגעלאָזן ווערן דער זער געוואגטער חודש־זשורנאל „טומאָראָ" (מאָרגן), וואָס ווערט ארויסגעגעבן אין לאָס אנגעלעס אונטער דער רעדאקציע פון מאריאָן האטש און דזשאָ ראָדריגוס.

מען קען אלזאָ זען, אז ארום די פארשידענע היגע זשורנאלן וואקסט אויס א באוואוסטזיין, וואָס ברענגט נייע ווערטן און נייע אויסדרוקן אין דער ענגלישער דיכטונג פון מערב־אמעריקע.

---

דאָס ארטיקל האָבן מיר געקראגן אין ענגליש. — רעד.

---

ל. דינסקי.

## פון מערב צו מזרח

איך האָב מיט מיינע הענט אויף העלפטן צוויי מיין הארץ צעשניטן,
און אויפ'ן אָרט פון שניט האָבן אויפגעבליצט
צוויי רעלסן גלאנציקע ווי שפּיזן.
א שווארצער שטאָלענער אומרו שרייענדיק איז דורכגעפאָרן :
טאד־לא טאטא, טאד־לא טאטא.
און ליכטיק איז דער טאָג געווען —
ליכטיק,
ווי אויפגעפראלטע פרייד נאָך זיבן הונגעריקע יאָר.
מערב־זון האָט צינדעריש געצונדן אומצאָליקע פארלאנגען.
פייערדיקע פאסן האָבן זיך געטרעפט פון אויסגעבלויטע הימלען.
גאָלד־קאָליר אויף גרינע אויפגעבערגטע שפּיצן —
ליכטיק איז געווען !
איצט ליגט א האלבע רויטע הארץ
צופוסנס ביי די מערב־בערג,
און ס'גיסט זיך
גאָלד־קאָליר מיט הארץ־קאָליר צעזאמען
אין שאָטנשפּיל פון צופאל.

פנחס בערמאן.

# סינאָריטא ריטא

(פון דער סעריע „טיאַוואנא“)

דיינע אויגן, סינאָריטא ריטא —
קאַיאָטעס אין א פינסטערער סיערא-נאכט.
דיין אָטעם, סינאָריטא ריטא —
קיפּאריסן-ווינטן
אויסגעמישט מיט פּעך און שוועבל.
געשמינקט זענען די קנייטשן פון דיין שטערן,
אויף גאָלד דיין זילבער-קאָפּ געפארבט.
וואָס-זשע שטעקט אזוינס אין דיר, סינאָריטא ריטא,
וואָס די יונגע צאפלדיקע מיידלאך
מיט פארבאָרגענער סטילעטאָ-שנאה
פרעסן דיך מיט שפּיזיק-שארפע אויגן ?
וואָס-זשע, טייפל, שטעקט אזוינס אין דיר,
וואָס ביי דיין אריינקום אין דער „סאָווע“
און ביים ערשטן צים-צים פון דיין פייקל
ווערן פאָרלאָך פרעך
און דער עולם ווילד,
און מען קלאפּט א וויוואט
צו דער פּריסטערין פון באקום.

י. ראשעל.

# עכאָם

עכאָם פון וואָגלענדע אויף פארלאָזענע וועגן
גייען אויף אין מיר ווי בלויע פייער־צונגען.
אומגליקלאכע !
אין בארמהארציקייט פון מיין צער
ליגט טרייסט פאר אייך —
בלאס ליכט ארום דאָרן־קרוין פון געקרייציקטן.

*   *
*

קאליפארניער בערג !
גבורה'דיק שאלט דאָס ליד פון אייער גראָטעסקער שיינקייט.
ביי אייערע פיס,
מיט הערקולעאישער קראפט,
רעוון וואסער־פאלן —
קאָכיקער שוים אויף מאָרדעס פון גאלאָפירנדיקע וועט־פערד.

ז. בונין.

# עלעגיע

וואָלט אונזער באגעגעניש אַנדערש געווען :
ווי צוויי שיפן וואָס קרייצן זיך דורך אויפ'ן ים
אין מיט'ן דער נאַכט
אויף וועגן אויף צוויי —
וואָלט בעסער געווען.

וואָלט אונזער באגעגעניש אנדערש געווען :
ווי צוויי פייגל וואָס צלם'ן איבער די לופט
אין בלינדן געאייל
צו נעסטן צו צוויי —
וואָלט בעסער געווען.

# ביכער

„דיכטער און וועלטן“ (עסייען) פון היים ליעבערמאַן. געדרוקט אין בערלין, 1923. 211 ז.

די עסיי איז דער אָרימסטער צווייג אין אונזער ליטעראַטור. מיר האָבן שוין כל־המינים פּאָעזיע: בדחנ׳ישע, משכיל׳ישע, נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, סוביעקטיוו־לירישע, אפילו אימאַגיזם, ווער ליבר און די אַזוי־אָנגערופענע „אינטראָספּעקטיווע מעטאָדע“. א חוץ דעם האָבן אונזערע דיכטער שוין אויסגעפּראָוווט כמעט אַלע טעכניש־פּאָעטישע זשאַנרן. לעצטנס זענען אויך אַריינגעפירט געוואָרן דער סאָנעטן־רינג און צוויי פון די אַלטע פראַנצויזישע פאָרמען: די ראָנדאָ (אָדער ראָנדעל) און דער טריאָלעט.

אויף אונזער בעלעטריסטיק איז אויך נישטאָ זיך וואָס צו באַקלאָגן. סיי די צאָל און סיי די וואַריאַציע פון אונזערע בעלעטריסטישע ווערק איז א היבשלאַך גרויסע. מען קאָן שוין היינט נישט זאָגן, אַז אונזערע נאָוועליקער און דערציילער שטעקן בלויז אין דער געצווימטער סביבה פון קליינשטעטלדיקן לאָקאַליזם: אפּאַטאַשו, ראַבאָי, איגנאַטאָוו, בערגעלסאָן, האַימאָוויטש און גלאַזמאַן האָבן דעם שטח היבשלאַך אויסגעברייט.

די דראַמע? אמת, א סך נייע דראַמעס קומען נישט צו, אָבער אין דעם איז אפשר שולדיק די טראַגישע צווילינג־געבונדנקייט פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור: דאָס טעאַטער. ווי לאַנג איז דען, אַז דאָס טעאַטער איז נאָך פשוט נישט ווערט געווען די חבר׳שאַפט פון אונזערע ערנסטע שריפטשטעלער? פונדעסטוועגן פאַרמאָגן מיר א ניש־קשה׳דיקע צאָל דראַמאַטישע ווערק.

נישט באַרירט — אָדער כ מ ע ט נישט באַרירט — איז געבליבן די עסיי. און אפשר האָט די עסיי ביי אונז נאָך נישט געקענט געשאַפן ווערן. אונזער קלאַסיש־מאָדערנע ליטעראַטור האָט געהאַט אָן א שיעור באַלדיקע אחריות׳ן: דערציען דעם לעזער, רייניקן און בויען די שפּראַך, לערנען דעם אלף־בית פון עסטעטישער באַציאונג צום געדרוקטן וואָרט. איז פשוט קיין צייט נישט געבליבן אויף א קוק צו טאָן אין דער ברייטער וועלט. און גראָד ד ע ר ק ו ק א י ן ד ע ר ב ר י י ט ע ר ו ו ע ל ט איז נויטיק ביים שאַפן די עסיי. דער עסיי־שרייבער, דאָס איז דער גייסטיקער טוריסט, וואָס ברענגט אהיים די אויסגעקליבנסטע קולטור־מוסטערס פון גאָרער וועלט.

די קלאַסיקער האָבן זייער אַרבעט שוין אָפּגעטאָן. ווייזן זיך טאַקע סמנים פון דער אָנקומענדיקער עסיי. אמת, נאָך רוי, א געמיש פון לאָקאַל־קריטישן פּעליטאָניזם מיט א קליין פּאָלעמיש פאַרטוכל פון פּאָרנט, אָבער די עסיי קומט. קומט און דאַרף באַגריסט ווערן מיט דער זעלביקער איינזעניש, וואָס עס האָבן ביי אונז געקראָגן די עקספּאָנענטן פון אַלע אַנדערע פאָרמען אין אונזער ליטעראַטור.

אזוי קוק איך אויף „דיכטער און וועלטן" פון חיים ליעבערמאן.

דרייצען עסייען, געשריבן — ווי דער מחבר אליין זאָגט — „אין מיטן פון דער רוטינע און דעם געפילדער פון צייטונג־ארבעט, (דערפאר אזוי) קליין אין פארנעם, כאָטש די בארירטע טעמעס זענען אזוי גרויס אין וויכטיקייט". איבערהויפּט איז דאָס קאָנטיק אין דער עסיי „טאָלסטאָי דער בעל־טעות". ליעבערמאן פירט דאָ ארויס זיינע פרעמיסן מיט א ברייטער האנט, דערגייט צו א נעגאטיוון פאראלעליזם צווישן טאָלסטאָי און ניטשע און ווערט בעת מעשה אזוי אריינגעטאָן אין ניטשע'ן, אז טאָלסטאָי ווערט גאָר דער פאר־גלייך. וואָלט אָבער די ארבעט נישט געטאָן געוואָרן אין א צייטונג, וואו דער סוף פון צווייטן קאָלום מעסערט אלע געדאנקען, וואָלט דעם מחבר מסתמא זיך איינגעגעבן איבערלאָזן דעם משל און ארויספירן דעם נמשל.

פונדעסטוועגן האָט ליעבערמאן באוויזן בייקומען דאָס עיקר־געפאר פון צייטונג־שרייבעריי : דעם שאבלאָן. זיינע ארבעטן טראָגן אן ערנסט־פארטראכטן טאָן, וויקלען זיך אין א פיין־סטיליזירטער שפראך. נישטאָ אפילו יענע „פּראָפּעסאָרישע" מליצה און פעדאנטישע אָרנאמענטיק פון אונזערע געוויינלאכע „צייטונג־אקאדעמיקער". ליעבערמאן קאָקעטירט נישט מיט זיין וויסן, מאכט נישט פון זיין ערודיציע א שטראשידלע, וויל דעם לעזער נישט איבערשרעקן. דער אמת, ווייזט אויס, האָט אָבער זיינע אייגענע וועגן : ליעבערמאן'ס וויסן גייט נישט לאבוד. שטיל, באשיידן־באלאנסירט וויקלט זיך ארויס זיין פאמיליאריטעט מיט ליטעראטור, געשיכטע, פילאָזאָפיע און די פסיכאָלאָגישע וויסנשאפט. אגב זענען דאָס די הויפּט־מיטלען מיט וועל־כע ליעבערמאן אפערירט אין זיינע עסייען.

וועגן וועמען שרייבט ליעבערמאן ?

דאָס איז שווער צו זאָגן. די ערשטע 81 זייטן פון בוך רופט ער : „פון דער וועלט־ליטעראטור", די אנדערע 130—„פון דער אידישער ליטעראטור". אין ערשטן טייל גייען אריין ארבעטן וועגן אנאטאָל פראנס, דאנטע, דאָסטאָ־יעווסקי, טאָלסטאָי, ווילהעלם וואונדט און א לענגערע ארבעט וועגן „די פי־לאָזאָפיע פון אונטערגאנג".

איז דאָס קריטיק ?

ניין. ליעבערמאן רעדט נישט וועגן פראנס, נאָר „פראנס דער באפריי־ער" ; נישט וועגן דאנטע, נאָר „דאנטע דער געפאנגענער" און אזוי כסדר. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דאָס, וואָס שיינט אים צו זיין די הויפּט־כאראקטעריס־טיק ביי דעם אָדער יענעם שרייבער. ווען ער באקומט די דאָזיקע כאראקטע־ריסטיק, באטראכט ער עס אין ליכט פון געשיכטע, פילאָזאָפיע אָדער נאציאָ־נאלער פסיכאָלאָגיע. אזוי ארום שאפט זיך ליעבערמאן אן אייגנארטיק־אורטיילערישע מעטאָדע : די אנאלאָגישע אילוסטראציע. „עס איז געווען איין האָפענונג אין אייראָפּע — דער מענטשלאכער פארשטאנד און דער אמת, וואָס ער וועט געפינען". קומט אנאטאָל פראנס (אין זיין „מענטשלאכער טראגעדיע") און טענה'ט, אז קיין אמת'ן זענען בכלל נישטאָ, ווייל איין אמת איז סותר דעם אנדערן און אז דער איינציקער „אמת" איז : „אלע ווידער־שפּרוכן אינאיינעם" (ז. 11).

דאָס זעלביקע טוט ליעבערמאַן מיט די אַנדערע שרייבער. באַקומט ביי יעדן די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק און פֿעדימט עס אַריין אין דער מיטאָלאָגיע, געשיכטע אָדער פֿילאָזאָפֿיע ביז ער דערגייט צו אַ פּאָזיטיווער אָדער נעגאַטיווער אַנאַלאָגיע.

דער צווייטער טייל פֿון בוך עפֿנט זיך מיט אַ 54 זייטיקער אַרבעט וועגן „די דיכטונג פֿון יהואש". דאָ טרעפֿן מיר זיך צום ערשטן מאָל מיט ליעבערמאַן דעם קריטיקער. ביי יהואש'ן קאָן אָבער ליעבערמאַן מיט ערודיציע אַליין נישט אָפּפֿערירן. ער פּרופֿט עס אַפֿילו, כאַפּט זיך אָבער תיכּף צוריק. רעדנדיק וועגן יהואש'ס מוזיקאַלישער סימפּאָנישקייט, ציט ער אַ פּאַראַלעל צו דער מאָדערנער קאָנצעפּציע אין דער מוזיק פֿון 19־טן יאָרהונדערט (ז. 91) און כאַפּט זיך, אַז גלייכער איז צו האַלטן זיך ביי יהואש'ס אייגענער אוממיטלבאַרקייט . . . טוט ער ווי ער האָט מיט די אַנדערע שרייבער געטאָן: זוכט יהואש'ס הויפּט־כאַראַקטעריסטיק און געפֿינט עס אין ט אָ ן ־ פֿ אַ ר ב י ק י י ט . „אין דער אידישער פּאָעזיע האָט יהואש דער ערשטער אַריינגעבראַכט דעם טאָן פֿון קאָסמישן ריטם, פֿון וואַריאַירטער, שפּילעוודיקער מוזיק" (ז. 92).

ליעבערמאַן שטעלט דעם קריטישן טראָפּ אויף יהואש'ס מעלאָדישקייט. איז דאָס גראָד אַזאַ ענין, צו וועלכן מען קאָן מיט ערודיציע אַליין נישט צוקומען. דאָ איז שוין נויטיק אינטואיציע און, דער עיקר, קריטישע ערפֿינדערישקייט. פֿילט ליעבערמאַן, אַז ער האָט אויף זיך גענומען אַ שווערע אַרבעט. ער וויל דערגיין צו אַ קריטישן סינטעז און קאָן נישט. פֿאַרנאַרט אים דער פֿאַרפֿירערישער רייץ פֿון אַסאָציאַציעס און ער פֿאַרלירט אינגאַנצן זיין גלייכגעוויכט. מיט אַמאָל ווערט אים קלאָר, אַז רעדנדיק וועגן יהואש'ס טאָן־רייכקייט, האָט ער אַריינגעפֿירט אין אייגענע פּריקרע טאָנלאָזיקייט. ער וויל זיך ראַטעווען און אים בלייבט איין ברירה: ג י ב ן ו ו אָ ס מ ע ר י ה ו א ש . טוט ער דאָס מיט אַזאַ פֿאַרצווייפֿלטער אַנטאָלאָגישער ברייטקייט ביז ער ציטירט אַזש גאַנצע צוואַנציק זייטן פֿון יהואש'ס לידער. ליעבערמאַן קאָן יהואש'ן מער נישט זען: יהואש'ס טאָן־כּשוף האָט אים אינגאַנצן פֿאַרשלונגען.

מיר לייענען ווייטער.

ליעבערמאַן פֿאַרלאָזט די קריטישע פּראָווינץ. ער גייט צוריק צו זיין אַנאַלאָגישער מעטאָדע און ווערט אונז ווידער אינטערעסאַנט. רעדנדיק וועגן דער אידישער ליטעראַטור, ווייזט ער, אַז אַ דאַנק דער „פֿילאָזאָפֿיע פֿון דער אידישער רעליגיע (און) אידישער רעכטלאָזיקייט", פֿעלט ביי אונז די „גרויסע טאַט". דערפֿאַר מוז די אידישע ליטעראַטור „אַ סקיצנהאַפֿטע זיין" (ז. 152). עס פֿעלט אונז אויך די „גרויסע אידעע", מיינענדיק מיט דעם, אַז „די וועלט איז אין דער אידישער ליטעראַטור נישטאָ" (ז. 156). אויף אַן אַנדער אָרט (ז. 163) באַקלאָגט זיך ליעבערמאַן, אַז „אונזער סטיל האָט אַ חסרון: ער איז צו גרינג און צו קלאָר".

אין זעלביקן טייל פֿון בוך גייען אויך אַריין אַן אַרבעט וועגן דוד פּינסקי און אַ לענגערע פּאָלעמיק מיט „דר. חיים זשיטלאָווסקי אַלס טעאָרעטיקער פֿון

נאציאָנאַליזם".

ליעבערמאַנ'ס בוך איז, בלי ספק, אַן אינטערעסאַנטע פּראָמענאַדע פון דיכטער און וועלטן — אַ בייטראָג צו דער אידישער עסיי.

יצחק האָראָוויץ.

„אָפּענע טויערן", פון ל. מאטעס. ארויסגעגעבן פון דוד עדעלשטאַט בראַנטש 450 א. ר., דענווער, קאָלאָ., 1923. 207 ז.

דערזעענדיק צום ערשטן מאָל די קאָלאָראַדע'ר בערג, האָב איך מיט אַנטציקונג ברייט די אויגן געעפנט. דאָס האַרץ האָט עפּעס אַ שפּרונג געטאָן, אַ באַהאַלטענע אימה האָט מיך אַרומגעכאַפּט. ווי ווייט דאָס אויג קאָן נאָר גרייכן זען זיך בערג און בערג: טורם־שפּיצן, קופּאָלן און גאַנצע קאַטעדראַלן פון וואונדערלאַכסטן געבוי. טויזנט פאַרבן, ליכטיקייט, שאָטנס שווינדלען, מינען און בלענדן זיך צענויף אין פאַנטאַסטישע אוזאָרן אונטער'ן ווייסן ליכט פון די קאָלאָראַדע'ר הימלען.

דורך ל. מאטעס' „אָפּענע טויערן" האָב איך ווידער געכאַפּט אַ בליק אויף די קאָלאָראַדע'ר בערג. קאָלאָראַדע, צום ערשטן מאָל באַזונגען פון אַ יונגן אידישן דיכטער — ווי אינטערעסאַנט דאָס איז! דער דיכטער לעבט אין קאָלאָראַדע, אָטעמט די קאַלטע, קרעפּטיקע באַרג־לופט, טרינקט מיט זיינע אויגן דאָס בלויע ליכט פון דענווער'ער טעג און נעכט.

ל. מאטעס איז איבערוועלטיקט מיט דער גראַנדיעזער שיינקייט פון קאָלאָראַדע, מיט אירע ריזן־בערג, בלויע ליכטיקע הימלען און שנייען. אָבער איר באַזינגער איז ער נישט: ער קאָן זיין התפעלות נישט איבערגעבן און דערפאַר אפשר רופט ער אויס מיט אַזוי פיעל ליאַרם:

קינסטלער,
מיט פּענזל, דלאָט, וואָרט און קלאַנג,
מיט אייערע עמפּינדלאַכע נשמות און וויזיאָנערישן בליק
אהער!

אין אמת'ער הילף־געשריי. אָבער איך האָב מורא, אַז אפילו אַזאַ אסיפה ווי די אַלע אויסגערעכנטע קונסט־כהנים, צו וועלכע דער דיכטער רופט, וועט אים פיל נישט קאָנען העלפן אין זיין שווערער לאַגע. אליין, מיט אייגענע כחות, דאַרף אונז ל. מאטעס איבערגעבן כאָטש אביסל פון דאָס גרויסע, וואונדערלאַכע. און וויסן דאַרף ער, אַז סתם קולות זענען נאָך נישט קיין פאַרבן, זיכער נישט די פאַרבן, וואָס בלענדן זיך צווישן די ווייסע בערג־שפּיצן און טיף־בלויע קאָלאָראַדע'ר הימלען.

גאַנצע פּופּצען לידער וועגן קאָלאָראַדע און איר צויבער. און אפשר טאַקע צוליב דער פיל־זינגעריי, בלייבט נישט ביי אייך אין אויער קיין איינציקער לעבעדיקער קלאַנג פון די בערג, קיין שימער פונ'ם בליאַסק פון די דאָרטיקע הימלען.

אָ, דענווער!
ווי בלוי איז דיין זיידן־דיינער הימל.
ווי לאַכנדיק, ליב שפּרייט אויס דיין זון אירע אוצרות שטראַלן גאָלדענע.

די התפעלות, וואָס אונזער יונגער דיכטער ווייזט ארויס איבער דענוווער, באַווייזט בלויז אויף וויפל אים איז די שטאָט דענוווער איינגעבאַקן אין הארצן. אָבער דאָס וועט דעם עמפינדלאַכן לעזער נישט באַפרידיקן. דעם דיכטער'ס סערענאַדע וועט דעם לעזער נישט איבערציינגן, אז דענוווער איז די „געבענש־טע פון דער וועסט“.

ל. מאַטעס, דוכט מיר, רעדט צופיל. דאָס ווייזט זיך ארויס אין די מערסטע לידער זיינע. נאָר אויב זיין פיל־באַרעדעוודיקייט שטערט אים אין זיינע קאָלאָראַדע'ר לידער, (אין וועלכע ער זוכט צו זיין מאַלעריש) שטערט עס אים טאָפּלט אין זיינע לירישע לידער.

די אָפּטיילונג „אָפּגעריסענער צוויט“, איז א מין אלבום פון אינטימע, טיף־שמערצלאַכע איבערלעבענישן. דער שווינדזוכט־סאַניטאַריום איז זיין וועלטל, וואָס ער זוכט צו מאָלן. זייער אָפט קלינגט־אויף א צער־פולער קלאַנג, ווירקט אויף אייך שווער, צינדט אין אייך א שמערצלאַכן מיטגעפיל... דאָס אָנגעצונדענע אין אייך ווערט אָבער באַלד אויסגעלאָשן. א שטראָם איבערנאַטירלאַכע טרערן פארלעשט דאָס ערשט־אָנגעצונדענע פייערל. איר טראַכט : אזא גערעטעניש פון טרערן קאָן קומען אָדער פון צעטרייסלטע נערוון, אָדער פון א שוואַך הארץ.

א, — ווי רייסט מען זיך ארויס,
ווי אנטלויפט מען,
איך זאָל דאָס הוסטן און דאָס שפּייען
פון די טויט־בלאַסע און פייער־פלאַמענדע געזיכטער
מער נים הערן,
מער נים זען.

זייער אמת, אָבער נישט פּ אָ ע ט י ש ־ אמת. וואו איז דאָס טיפע מיטגעפיל צו די ליידנדע ? דער וואָס ליידט אליין טיף, ליידט אויך פאר אנדערע.

נישט־ווילנדיק דערמאָנען מיר זיך, בשעת'ן לייענען, אָן אָסקאַר ווײַלד'ס „באַלאַדע פון רעדינג תפיסה“. ווײַלד דערציילט בלויז וועגן דעם לעבן פון די תפיסה־געפאַנגענע, דאָך, ווי טיף־טראַגיש דער צער — סיי זיינער און סיי דער פון זיינע קאַמעראַדן — דערגרייכט אייער נשמה ! ווײַלד לעבט דורך דאָס לעבן פון די גאָט־פארשטויסענע, מענטש־פארשאָלטענע. ל. מאַטעס וויל אנטלויפן. און ער מאַכט עס אזוי איינפאַך און, מילד געזעגט, בייז־וויליק . . .

ל. מאַטעס חזר'ט זיך א סך מאָל איבער : בלוט, שפּייעכץ, לייכעס, הוסט. ער פלעכט די אלע ווערטער אריין אין שורות פול מיט קלאָג און צער, דאָך רירט עס אייך נישט ווי ס'וואָלט באַדאַרפט רירן. די סיבה איז נישט שווער צו טרעפן : ל. מאַטעס האָט זיך אָפּגעטיילט פון זיין וועלטל. ער וויל זיין אליין : ז י י ן מאַמע, ז י י ן צער, ז י י ן אומעט, ז י י נ ע טרערן. און טרערן — א ים ! אזש איבערדריסיק ווערט אונז צוקוקענדיק ווי איינער רעגנט אָן אויפהער מיט טרערן . . . יענעם'ס וואונד וועקט אין אונז מיטגעפיל, קוים אָבער נעמט דער „יענער“ אונז שטעכן די אויגן מיט זיין בלוטנדער וואונדט, פארלויפט אונז דעם ווענ יעדעס מאָל

און האלט אונז אין איין דערמאָנען: אַט איז זי! נאַ, זע! ווערן מיר אויפגעבראכט, בייז...

בלויז אין איין אָרט שרייט ער אויס: „אין פּיין בין איך שטאַרקער פאַר דיר" און אונז ווערט ליכטיק אין די אויגן. מיר דערזען א געקרעפּטיקטן, א פעסטן מענטש. אָבער ווי זעלטן דער דאָזיקער כח באַווייזט זיך!

אין דער אפּטיילונג „גאָלד" געפינען מיר שוין גאָר אן אנדער טאָן:

א, גלוטיקער,
גאָלדענער הערבסט!
אין דיינע נעבלען וועל איך זיך פארוועבן,
איך וועל זיך אָנטרינקען מיט דיינע טומאַנען,
און באַצירן וועל איך מיך
אין דעם גאָלד, בראָנז, ראָסט און קופּער
פון דיינע גאָלדענע,
פארשלייערט-בראָנזענע טעג.

דאָס איז יוגנט, קראַפט, האָפענונג. דאָס איז גלויבן און פרייד. עס פאַרדריסט וואָס די אָפּטיילונג „גאָלד" איז קורצער ווי אַלע אנדערע. אפשר גאָלד איז פאַראַן ווייניקער...

ל. מאַטעס האָט אויך פּרובירט אידיש-נאַציאָנאַלע מאָטיוון, יעזוס-מאָטיוון. אָבער אין דעם מין לידער איז ער ווידער צו באַרעדעוודיק.

פּרעטענציעז און אָנשטעלעריש איז זיין גאַנצע אָפּטיילונג „אָן א פייגן-בלאַט". איך וואָלט געזאָגט וואויל-אינגעריש, האָב איך אָבער אליין גע-האַט די פרייד צו קאָנען ל. מאַטעס'ן פּערזענלאַך: א פרומער, באַשיידענער, נאַאיווער יונגערמאַן.

וואָס איז דאָס אין דער נאַכט, וואָס צינדט אין מיר די בלומען
און ברענט מיט ליידנשאַפט מיין איך? (מיין איך?!)

דערציילן אייך נישט די צוויי שורות ווי יונג, אומדער-פארן אונזער יונגער דיכטער איז בנוגע עראָטיק?...

שיין איז ל. מאַטעס גראָד אין די לידער, אין וועלכע עס פילט זיך נישט קיין פּרעטענזיע. די אָפּטיילונג „פעלד-בלומען" פאַרמאָגט צאַרטע, וואַרים-אויפריכטיקע לידער און פערזן.

דריי אויס דעם לאָמפּ.
ווי פליגלען ברייט צעעפן דאָס פענסטער פאַר דעם הלום פון דער ווייטער
נאַכט
און ברייטער נאָך ווי פליגלען, צעעפען דיינע אָרעמס פאַר מיין טרוימגרן
קאָפּ

אָדער:

די אָזערע איז בלוי, און פלאַך, און שפּיגלדיק,
קוקסטו אין איר טיף —
ווען האָסטו אויפ'ן וואַסער פאַרטראַכט,
ווען צערטלט דיין בליק?

ווי שיין און פּאַלקסטימלאַך!

שיינע לידער פאַרמאָגן אויך די איבעריקע אָפּטיילונגען פון בוך. למשל,

אזא ליד ווי „נאָך היינט“, און מערקווירדיג : ווי האָפענונגספול אונזער יונגער דיכטער איז אין אַט־די לידער. אַט טאַקע ווי עס פּאַסט פאַר דער יוגנט. און טאַקע די לידער גיבן האָפענונג, אז ל. מאַטעס וועט ערשט זינגען און זינגען. אין שפּעטערע יאָרן, אויב ל. מאַטעס וועט אפילו קומען צו אונז מיט לידער פון אומעט און אפילו פאַרצווייפלונג, וועלן זיי אָבער זיין די פרוכט פון יוגנט־פרייד — צייטיק און רייף.

א בוים סוף זומער, שווער באַלאָדן מיט צייטיקע פרוכט.

ה. רויזענבלאַט.

דאָס אידישע בוך אין אמעריקע" (א בלעטל געשיכטע) פון משה שמואל שקלארסקי, ניו יאָרק, 1924. 48 ז.

א פּאָר יאָר צוריק האָט קאַראַלניק אָנגערירט די פראַגע וועגן אידישן בוך אין אמעריקע, אָבער ווייטער פון א פּאָלעמישן וועט־לויף צווישן עטלאַכע פּובליציסטן האָט עס נישט געפירט.

גורל אונזערער ! שוין־זשע האָסטו א ווארימער אָרט ווי אין קאָראַל־ניק'ס הארץ נישט געקאָנט געפינען ? זיין באַציאונג צו אידיש־קולטורעלע פראַגן איז דאָך אונז אזוי גוט באקאנט. רעדט ער וועגן דער גרינדונג פון א אידישער קולטור־ליגע אין אמעריקע, געפינט איר דאָרט פון הערן און גע־דענקען — אן אמת־אינטערנאציאָנאלע פריקאזי — איינס אבער פעלט : די אידישע קולטור־ליגע. און טאָמער וויל קאָראַלניק מיר זאָלן וויסן, אז ער איז געווען אין רוים אין א שנייאיקן טאָג, גיט ער זיך אויך אן עצה : אל־מעכטיקער צעאוס, נישטאָ קיין שניי אין דער אידישער ליטעראטור ! וואָלט אים דער ענין באמת אָנגעגאנגען, וואָלט ער דאָך געקענט זען (לכל הפחות אין באסינ'ס אנטאָלאָגיע) אז דער שניי־גאָט האָט זיך נישט וואָס צו באַ־קלאָגן אויף אונזערע דיכטער.

אָבער צו וואס זוכן משפּחה־געטריישאפט ביי א טוריסט? מיך חידוש'ט נאָר, וואָס דער גוט־מיינענדיקער מ. ש. שקלארסקי נעמט קאָראַלניק'ן אזוי ערנסט און הייסט אים „נאָכפרעגן ביי די פארלעגער“ . . .

דער צושטאנד פון אידישן בוך אין אמעריקע דארף ערשט אויסגע־פאָרשט ווערן. דאָס איז אָבער נישט קיין צופעליקער טעמע־ענין, נאָר אן ענין פון ערנסטן זוכן, פון קולטורעלער אחריות.

ביי דער געלעגנהייט פון אזא אויספאָרשונג וועט שקלארסקי'ס ביכל צוניץ קומען. אליין א פּיאָנער פון די אידישע ביכער־אגענטן, איז שקלאר־סקי געשטאַנען נאָענט ביים אויפקום פון כמעט אלע אידישע ביכער־פארלאגן אין אמעריקע, זיך גע'חבר'ט מיט אידישע שרייבער, גע'מסחר'ט מיט כל המינים אידישע בוך־קונים און דאָס אלעס האָט ער פארצייכנט זאכלאך — מיט ציפערן און פאקטן.

רעדנדיק וועגן דעם „קריזיס אויפ'ן אידישן ביכער־מארק“, דענקט שקלאר־סקי, אז ס'איז נאָך פאראן א היבשע צאָל לעזער מיט אן ערנסטער באציאונג

צום אידישן בוך. „מען דארף זיי נאָר אויפזוכן און דורכשמועסן זיך מיט זיי“.

מאָדנע : אָנקלאָגנדיק דעם לעזער פארוואָס ער קויפט נישט אידישע ביכער, האָט מען דעם אָנגעקלאָגטן גופא צום משפט נישט גערופן. גערעדט האָט בלויז דער ערשטער צד : שרייבער און פארלעגער. אונזער פרעסע וועט נישט שפּאָרן אָרט פאר א דיסקוסיע וועגן „א רויט ווייבל וואָס האָט איבערגעלאָזט איר מאַן“, אָבער מאכן אן אנקעטע וועגן דער לעזער־פראַגע דורך די לעזער גופא — וואָס דאָס וואָלט דעם ענין מער גע־האָלפן איידער אלע אונזערע דאָקטוירעם צעזאמענגענומען — פאר דעם קאָן אונזער פרעסע אפילו א שטיקל אָרט נישט אָפּגעבן. און אפשר איז שקלאר־סקי גערעכט : „פאר דער ארבעט מוזן אָנגעשטעלט ווערן פריינד פון אי־דישן בוך“ . . .

וואָלט טאַקע נישט געשאַט, אז די אלע פריינד זאָלן אליין זיך נע־מען צו אזא אנקעטע. דאָס קאָן געטאָן ווערן, קודם אין די מער־קולטורעלע קרייזן, דערנאָך אין אלע אנדערע פאראיינען און אָרגאַניזאַציעס. א פאר־זוך פאר אזא אנקעטע איז געמאכט געוואָרן דאָ אין לאָס אַנגעלעס (ביי דער גרופּע „מערב“) און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער לעזער האָט א סך וואָס צו זאָגן . . .

י. ה.

# זשורנאַלן

„די פעדער“, חודש־זשורנאַל פאר ליטעראַטור און קונסט. רעדאַקטאָר : ז. וויינפּער.

מיט איר יאַנואַר נומער טרעט „די פעדער“ אריין אין איר זעקסטן יאָר לעבן. די פעדער איז היינט כמעט דער איינציקער ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל, דורך וועלכן עס זינגען און רעדן צו אונז, נישט נאָר זיינע גרינדער, נאָר א סך אידישע שרייבער פון אמעריקע.

די עלטערע שרייבער, וועלכע האָבן אמאָל „פּאַראַויסגעזען“ דעם באַל־דיקן אונטערגאַנג פון דער פעדער, און שטילערהייט, ביי קאַפּע־טישלאַך, אפשר אויך געלאַכט פון איר דעמאָלטיקער נאַאיוויקייט, שורה'ן זיך היינט גאַנץ ניש־קשה'דיק אין אירע שפּאַלטן. א גרעסערן און גערעכטערן זיג האָט די פעדער זיך גאָר נישט געקאָנט ווינשן . . .

איך קאָן נישט רעדן וועגן דער פעדער און דערביי נישט דערמאָנען מיט וואָס פאר א מסירת־נפש אירע גרינדער און איר אמאָליקער רעדאַקטאָר, אהרן קארלין, האָבן געארבעט. אין זייער ארבעט איז געלעגן ליבע, חבר'ישע אינטימקייט פון איין זייט און פון דער אנדערער — פארביסענע פינאַנ־ציעלע און פיזישע עקשנות. מען האָט דאָך באַדאַרפט אויפהאַלטן, נישט נאָר א זשורנאַל, נאָר טאַקע זיך אליין. וואָרים מען דאַרף נישט פאר־

נעסן, אַז אין יענער צייט האָט טערמינוס שטרענג באַוואַכט זיינע שרייבער־טעריטאָריעס. די דעמאָלטיקע זשורנאַלן האָבן זיך געהאַט זייערע פּריוואַטע אַני מאַמינ׳ס און די „אימיגראַציע“־דינים זענען נישט געווען פון די גאָר מילדע. אפילו די טישלאַך אין קאַפע האָבן זיך געהאַט זייערע נאַטוראַליזירטע בירגער . . .

האָבן די עטלאַכע דעבוטאַנטן אַרום דער פעדער געפילט, אַז דאָס שטיקל ווינקל מוז נעהיט און געוואַרימט ווערן. נישט נאָר פאַר זיך אליין, נאָר פאַר נאָך אַזוינע, וועמען דער מבטל־געדריי וועט צואוואַרפן. האָט מען נישט געפרעגט אויף אַטעסטאַטן, נישט געזיפּט די שורות, נישט פאַרנומען זיך מיט ליטעראַרישער וויוויסעקציע. מען האָט דורכגעלאָזט לידער, וואָס אפילו דער רויער אומאַנטוויקלטער חוש איז מיט זיי נישט מסכים געווען. וואָס האָט מען געקאָנט טאָן, אַז „יענע“ האָבן זיך אפילו נישט געוואָלט צורירן, עפּעס ווייזן, העלפן. האָט מען געמוזט אליין — אין בלאָנדזשעניש צי אין קלאָרקייט — דעם וועג געפינען.

אַזוי האָט די פעדער געלעבט פיר יאָר ביז ז. ווייגפּער איז געוואָרן איר רעדאַקטאָר. ווייגפּער, צו יענער צייט שוין אַ באַקאַנטער יונגער דיכטער, האָט צוגעצויגן נאָך באַקאַנטע שרייבער און אינאיינעם מיט די יונגע דיכטער, וואָס די פעדער האָט אַרויסגעבראַכט, (י. ל. קאַלושינער, לוי גאָלדבערג, משה שיפּרים, ל. זיסעלמאַן און מ. קאָהן) איז די פעדער געוואָרן אַ באַשטענדיקער חודש־זשורנאַל מיט אַ פּיאָנערישער פאַרגאַנגענהייט — מיט אַ צוזאַנענדיקער צוקונפט.

„אינאיינעם“, זשורנאַל פאַר ליטעראַטור און קונסט. דערשיינט יעדן צווייטן חודש אין שיקאַגע.

פלעגט אַמאָל אַרויסקומען אַ נייער זשורנאַל, האָט ער „געמוזט“ האָבן אַ פּראָגראַם־דערקלערונג. ביי איינעם איז עס געווען אַ „נייע ריכטונג“, ביים צווייטן אַ קדשי קדשים פאַר „אויסגעקליבענע“, ביים דריטן אַ ווינקל פאַר „נישט־צוגעלאָזענע“. אין אמת׳ן זענען דאָס געווען איבעריקע הקדמות. אַ פּראָגראַם־דערקלערונג פאַרשטייט מען ווען דער זשורנאַל ווערט אַרויסגעגעבן פון אַ פּריוואַטן פאַרלעגער. דעמאָלט פרעגט זיך: ווער איז ער? וואָס וויל ער? ווערן אָבער אונזערע זשורנאַלן פון פּריוואַטע פאַרלעגער נאָך נישט אַרויסגעגעבן. און כל זמן דאָס איז אַ שרייבער־ענין, פאַרשטייט מען דאָך אליין: יונגע שרייבער ווילן זיך דרוקן, עלטערע דאַרפן זיך דרוקן.

זייער גליך האָט דער „אינאיינעם“ געטאָן, וואָס ביי זיין דערשיינען (מיט אַ יאָר צוריק) האָט ער אויסגעלאָזן די פאַרשטענדלאַכע דערקלערונג. יונגע דיכטער, ווייט פון ניו יאָרקער קולטור־צענטער, זוכן אַ קאָלעגיעל־איינטימע סביבה און געפינען עס אין דעם קאָלעקטיוון שאַפן פון אַ לאָקאַלן זשורנאַל. קלאָר.

סימפּאַטיש איז דער „אינאיינעם“ שוין מיט דעם אליין, וואָס ער מאַכט נישט שבת פאַר זיך. די שיקאַגע׳ר דיכטער (מ. דייטש, ל. גאָרעליק, מאַטעס

ל., יצחק ראָנטש, בן שלום, ל. דינסקי, בתיה הערשפעלד און די אנדערע) געטרעטן אָפּ א היבשן אָרט פאר דיכטער פון אנדערע מקומות אויך. איר געפינט דאָרט לידער פון ל. מילער, ז. וויינפער, מארק שווייד, אידא גלאזערר אנדרוס, נ. גראָס, י. ל. קאלושינער און פון די לאָס אנגעלעס'ער דיכטער: א. עסעלין, ברכה קודלי, שפרה ווייס און שלמה י. בעלסקי.

אן אָנגעזען אָרט אינ'ם „אינאיינעם" פארנעמען די שיינע צייכענונגען פון א. פּאָרטנאָוו, ט. געלער, י. לעוויט, משה קעלעס, א. גודעלמאן, ס. אָסטראָווסקי און מ. גאָמבארג.

די לידער אינ'ם „אינאיינעם" זענען פון זעלבן עקספּערימענטאלן מין וואָס מיר געפינען אין די מערסטע מאָדערנע זשורנאלן. סיי זייער פאָרם און סיי זייער אינהאלט ווייזן א קאָנטיקע נויגונג צו די איצטיקע ווענדונגען אין דער פּאָעזיע. אנדערש זענען שוין די מעשיות. נישטאָ אין זיי די מי און קאָמפּאקטקייט וואָס א זשורנאל פארדינט. כאנוקאוו, טאָלטשין און מלמד וואָלטן די זעלביקע מעשיות געמעגט דרוקן אין א צייטונג און די צייטונג וואָלט פון זיי יום טוב'דיקער נישט געוואָרן.

„ליטעראַרישע בלעטער", וואָכנשריפט פאר ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט־פראַגן. דערשיינט אין וואַרשע אונטער דער רעדאַקציע פון י. י. זינגער, פרץ מארקיש, נחמן מייזיל, א. קאַציזנע און מלך ראַוויטש.

די „ליטעראַרישע בלעטער" זענען א נאכפאָלגונג פון דער אונטערגעגאנגענער „ביכער־וועלט". די פרייד, וואָס „ביכער־וועלט" האָט מיט זיך געבראכט, האָט אונז, גלייך ביים אָנהויב, געשראָקן: מיר האָבן געוואוסט, אז דאָס איז א ריזיקאלישער עקספּערימענט. די ארויסגעבער האָבן געמאכט דעם חשבון אָן דעם לעזער: אזא העפט קאָן נישט לעבן, סיידן מען האָט פון פריער צוגעגרייט גענוג לעזער, וואָס זאָלן זוכן די פילזייטיקע קולטור־אינפאָרמאציע וואָס אזא העפט ברענגט. עס ווייזט אָבער אויס, אז מיר האָבן נאָך נישט גענוג אזוינע לעזער. מען דארף זיי ערשט דערציען.

א סך פּראקטישער זענען שוין די ארויסגעבער פון די „ליטעראַרישע בלעטער". סימולטאַן מיט דער דערשיינונג פון די בלעטער, האָט ביי זיי אויך אָנגעהויבן פונקציאָנירן די „רעפערענטן־ביוראָ". עטלאכע מאָל א וואָך ווערן געלייענט רעפעראַטן אין פארשידענע שטעט און שטעטלאך וועגן כלל־ערליי ליטעראַרישע און בכלל־קולטורעלע פראַגן. די רעפעראַטן ווערן געלייענט פ ו ן ד י ש ר י י ב ע ר א ל י י ן און די טעמעס זענען אין דירעקטן שייכות צו די שטרעבונגען פון די „ליטעראַרישע בלעטער" . . .

דער מאָדוס אָפּעראַנדי פון די „ליטעראַרישע בלעטער" וואָלט באדארפט דינען אלס משל פאר אלע אונזערע ליטעראַרישע אויסגאַבן. דרוקן א העפט אין עטלאכע הונדערט עקזעמפּלארן פאר אייגענע קאָלעגן און ארומיקע פאר־ערער, דאָס אליין איז נאָך נישט גענוג. דאָס גיט אפשר א מאָמענטאלע באפרידיגונג: טייל וואָס ווילן זיך דרוקן און טייל וואָס מיינען א „קלאָפּ" זייערע ריכטונג־אָפּאָנענטן. אָבער טאקע דערפאר איז דאָס לעבן פון אזוינע

העפטן קורץ־ווייליק, עפעמעריש. ריכטונג־קאמף און שרייבער־פּאָליטיק גייען דעם לעזער נישט אָן. טאָמער איז ערגעץ יאָ פאראן אזא לעזער, איז דאָס א פערסאָנא גראטא : ער לייענט, אָבער ער קויפט נישט . . .

די ווארשעווער קאָלעגן ווייזן אונז דעם איינציקן וועג : שרייבער דארפן זיין קולטור־מענטשן. ווייל מען דערציען א געזונטן, קולטורעל־באוואוסטזיניקן לעזער (און נישט בלויז א ביבליאָמאנישן קוריאָזן־זוכער) דארף די ליטעראַרישע טריבונע גייען האנט־אין־האנט מיט דער וואָרט־טריבונע !

קומט דער שרייבער בלויז דורך זיין בוך אָדער זשורנאל, בלייבט ער פאר'ן לעזער א ליכט וואָס בלענדט פון ווייט, א פאטא מאָרגאנא. דער לעזער שטייט פון ווייט און האָט נחת : וואס ווייטער דאָס ליכט, אלץ פארביקער זיין אילוזיע. זיצט אָבער דער שרייבער אין קאבינעט און קלאָגט דורך זיין אייגענער בלענדונג :

— נישטאָ קיין לעזער . . .

VERITAS

# וואָס אונזערע היגע שולן דערציילן

## די אידישע פאָלק שול

אימיגראנטן שבאימיגראנטן — דער אידישער עלעמענט ביים פאסיפיק. פונ'ם דניעפּר צום האדסאָן — די ערשטע אמעריקע ; פונ'ם אטלאנטיק ביז'ן פאסיפיק — די צווייטע. געקומען אין דער צווייטער אמעריקע מערסטענס להיים . . . צוליב'ן געזונט. האָט מען זיך פארזארגט, קודם מיט קרקע, חסד של אמת, א סאניטאריום, א חלק לעולם הבא, דערנאָך געגומען קומען צו זיך, טראכטן פון לעבן, די לעבעדיקע. פונ'ם טויט צום לעבן. עכט אידישלאד. און צווישן לעבעדיקע זענען די זקנים די ערשטע, קינדער די לעצטע — פריער א מושב זקנים, נאָכדעם אַ אידישע שול. ווידער עכט אידישלאד. די אידישע פאָלק שול איז אזוי ארום די לעצטע, נייסטע שאפונג פון די אידן דאָ.

די שאפער, די גרינדער פון דער שול ? ווי אין יעדער שטאָט. פועלי ציון, פארבאנד מיטגלידער, און סתם אידן. די ריכטונג ? ווינגט זיך צווישן נאציאָנאל־ראדיקאל און שלום עליכם שול מיט א שטארקער נייגונג צו דער לעצטער. אזוי שוין פינף יאָר.

פינף יאָר אז די פאָלק שול עקזיסטירט. צוויי און א האלב יאָר געווען א שבת און זונטיק שול, די לעצטע צוויי און א האלב יאָר א טעגלאכע.

וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דער צייט ? א סך און ווינציק. געגרינדעט א אידישע פאָלק שול, האָט זיך באלד גענגרינדעט אן ארבעטער רינג שול — „נישט דערלאָזן אז אונזערע קינדער זאָל מען לערנען זיין ציוניסטן“. און קנאת סופרים תרבה חכמה . . . היינט צו טאָג זענען שוין דאָ דריי שולן : די פאָלק שול, די רעכטע און די לינקע א. ר. שולן. אריבער דריי הונדערט קינדער האָבן באזוכט די שול אין די פינף יאָר. א גרויסע צאָל, אָבער א נעגאטיווע : ווייזט אז די קינדער האלטן זיך נישט לאנג אין דער אידישער שול. א חודש, צוויי, א יאָר, צוויי, זייער ווייניק דריי יאָר, נאָך ווייניקער פיר יאָר, נאָך ווייניקער די גאנצע פינף יאָר, כאָטש אזעלכע זענען אויך דאָ.

די אורזאך דערפון? א סך אורזאכן. ערשטנס די עלטערן פון די קינדער. די עלטערן זענען נאָך ווייט־ווייט נישט דערצויגן. לערנט זיך אוים דאָס קינד שרייבן א בריוול, לייענען א מעשה'לע — גענוג. אין „סקול“ דארף מען גיין יארן, אָבער אין שול ? אידיש ? דאָ בילכערע זאכן צו לערנען. פיאנע, למשל, אָדער גאָר פראנצויזיש, עס איז שענער. אפשר ווען די פראנצויזן וואָלטן גערעדט אידיש וואָלט די אידישע שפראך געוואָרן

א חשובה ביי די עלטערן, די אידישע שול אזוי חשוב ווי די ענגלישע, וואלט מען אכטונג געגעבן קינדער זאלן גייען. אזוי אבער פירט מען עס אריין ווען מ'וויל און דאס קינד הערט אויף ווען עס פארווילט זיך נישט לערנען מער, און אמאל דאן ווען דאס קינד וויל נאך, אבער די עלטערן ווייסן בעסער וואס איז וויכטיקער.

עס הערן אויף גייען קינדער ווייל זיי דארפן ווערן בר מצוה, ווייל זיי דארפן זאגן קדיש נאכ'ן פארשטארבענעם טאטן. עס קומען אבער אויך אריין קינדער פון תלמוד תורה, דער חשבון גלייכט זיך אויס אבער די ציפערן זענען נישט קיין באשטענדיקע. אין דורכשניט א הונדערט קינדער, אבער אלץ נייע, אנהייבער.

און וואס פאר א ווירקונג האט אויף די וועקנענגאנגענע געהאט די קורצע שול צייט? שווער צו זאגן. אייניקע זעט מען קומען צו א קאנצערט אדער פארשטעלונג פון די שול־קינדער — פארט זייערס. אייניקע גייען אין אידישן טעאטער, געציילטע לייענען אויך א אידיש בוך, א צייטונג.

און די פארבליבענע אין שול? לערנען. נאך א יאר און מ'וועט שוין דארפן טראכטן פון א מיטל־שול. די קינדער זענען נישט די איינציקע תלמידים. עס לערנען אויך די גרויסע. ביסלאכווייז לערנען זיי זיך אויס אז מ'קען נישט זיין א „פריינט“ פון דער אידישער ליטעראטור, שפראך, און נארנישט טאן פאר דער אידישער דערציאונג. נאך א שטיקל צייט און די גרויסע וועלן האבן געלערנט אז אידישע דערציאונג — די שול — איז דער אנהויב, אז מ'דארף ארבעטן פאר א שול און מ'דארף אויך . . . צאלן שכר למוד.

די פאלק שול געביידע איז אויך א פלאץ פאר אידישע ארגאניזאציעס, זייערע זיצונגען, באנגעגענישן, א פלאץ וואו מ'הערט א אידיש ווארט, איצט קען מען עס שוין ז ע ע ן אויך. איך מיין די ביבליאטעק וואס איז נאר וואס געעפנט געווארן.

ארים ווי די שול־קאסע איז, האט מען דאך „אפגעריסן“ שאפעס פאר ביכער, און די ביכער קלייבט מען. געוועזן „זיבן גוטע יאר“, האבן אידן געקויפט ביכער, אבער אין די גוטע צייטן ווער האט עס צייט צו לייענען? קריגט מען ביי דעם א „סעט“ און ביי יענעם א פאר ביכער. לייענער וועלן מסתמא אויך זיין, נישט אלע האבן דאך פארזוכט דעם טעם פון זיבן גוטע יאר...

די אידישע פאלק שול, דאס איז דער אידישער ווינקל פון דער אידישער נאס.

ש. מ.

---

## ארבעטער רינג שול

נאך פיר יאר לעבן עפנט די ארבעטער־רינג שול א נייע בלעטל אין דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג אין אונזער שטאט. אויסער די למודים אידישע געשיכטע, אידיש לייענען, שרייבן און רעדן, אידישע ליטעראטור און ביאגראפיעס פון בארימטע פערזענלאכקייטן, ווערט אויך געלערנט דראמאטישע קונסט, דיקציע, דעקלאמאציע, געזאנג, קלאסישע און פאלקס לידער.

באזונדער געוויכט ווערט געלעגנט אויף דער אנטוויקלונג פונ'ם קינדער־קלוב „גריגינקע בוימעלאך“ וואס די קינדער אליין פירן אן, פארשטייט זיך אונטער דער אויפזיכט פון לערער. די אויפגאבע פון קלוב איז צו אנטוויקלען די קינדער דורך דיסקוסיעס איבער אידישע און וועלטלאכע פראגעס און שליסט אויך איין געזאנג, שפיל און אנדערע פארוויילונגען.

דעם איינדרוק וואס די אידישע קינדער באקומען אין „פאבליק סקול“, אז זייערע עלטערן זענען „גרינהארנס“ וועמעס שפראך, באנעמונג און מנהגים זענען ווילד און נאריש — דאס זוכן מיר אפצושאפן. די „פאבליק סקול“ לערנט די קינדער פיינט צו האבן אלעס וואס שטימט נישט מיט דער איצטיקער געזעלשאפט און צו באטראכטן פאר שעדלאך די וואס קעמפן פאר דער בעסערער ארדנונג. אויך ד א ס זוכן מיר אפצושאפן.

י. ברזלי.

---

## ארבעטער רינג שול
### (לינקע ברענטשעס)

אונזער אויפגאבע איז אויסצופילן דאס וואס די אנדערע אידישע שולן האבן אויסגעלאזן. מיר פרובירן דערציען דאס קינד אויף א זעלבסטשטענדיק־אידישן, רעוואלוציאנער־דענקענדיקן אופן. מיר ווילן אז ווען אונזער קינד וועט אריינקומען אין דעם קלאס צו וועלכן ער געהערט, זאל ער דארט זיין א באוואוסטזיניק־קעמפענדיקער גליד. דערפאר זענען אונזערע לער־מעטאדעס און למודים גאנץ פארשידן ווי אין אלע אנדערע אידישע שולן.

די הונדערט קינדער אין אונזער שול זע־

נען צוטיילט אין זעקס גרופעס, וועלכע לער־
נען פיר מאל א וואך אונטער דער השגחה פון אונזערע פעאיקע לערער וו. באום און מיס ה. הענדלער.

מיר פירן אויך אן א געזאנג־קלאס וואו סיי די לידער פון אונזער פאלק און סיי רע־
וואלוציאנערע לידער ווערן געלערנט מיט די קינדער. א לעבעדיקער טייל פון אונ־
זער שול איז די טאנץ־קלאס, וועלכע ווערט באזוכט פון פערציק קינדער. מיר ווילן אויך ארגאניזירן אונזערע קינדער אין שפיל־ און דיסקוסיע־קלובן, אבער אויס מאנגל אין ארט האבן מיר דערווייל מער ווי די עלטערע קינדער נישט געקענט אריין נעמען.

אונז איז געלונגען צו גרופירן ארום דער שול די בעסטע קרעפטן וואס מיר פארמאגן אין אונזער לאקאלער באוועגונג וואס האט פארזיכערט דעם דערפאלג און די עקזיסטענץ פון דער שול.

ה. קאמינקער.

## אברהם אייזענבערג

דער באגאבטער אידישער סקולפטאר אברהם אייזענבערג, וועמעס ארבעטן מיר דרוקן אין דעם נומער, איז ערשט נישט לאנג אריבערגעקומען פון פוילן. ער געפינט זיך איצט אין ניו יארק, וואו ער רעכנט צו האבן איינציקע אויסשטעלונגען פון זיינע ווערק.

אברהם אייזענבערג איז אן עכט־אידישער קינסטלער. זיינע ארבעטן צייכענען זיך אויס מיט זעלטענער אידישער אייגנארטיקייט. צווישן זיינע פאפולערע ווערק געפינען זיך „די אידישע לויה", „כלי זמרים", „בין השמשות" און „ביי דער גמרא". אייזענ־
בערג איז אויך א פארטרעטן־מייסטער. זיין „פרץ" ווערט באטראכט פאר דעם געלונגענסטן פארטרעט וואס ס'איז געמאכט געווארן פון אונזער גרויסן פארשטארבענעם שריפט־
שטעלער.

דא איז נישט דאס ארט צו גיבן אן אפ־
שאצונג פון אברהם אייזענבערג. זיין טא־
לאנט האט באגייסטערט א סך קונסט־קריטי־
קער פון אייראפע און מיר האפן, אז אויך די אמעריקאנישע קונסט־קריטיק וועט אנווייזן דאס ארט, וואס אייזענבערג פארנעמט אלס ערשט־קלאסיקער קינסטלער. מיר ווילן אבער נישט דורכלאזן א פאקט, וואס כאראקטערי־
זירט צום בעסטן אייזענבערג'ס אידישן גייסט.

אין צייט פון פוילישן באיקאט פון 1910, איז אברהם אייזענבערג געווען אן אנ־
געזעענער מיטגליד פון דער ווארשעווער קונסט־אקאדעמיע. אבער אויס פראטעסט צום באיקאט האט ער פארלאזט די אקאדעמיע, ארויסגענומען אלע זיינע ווערק און אליין אראנזשירט אן אויסשטעלונג פאר זיך און פאר זיינע אידישע קאלעגן מינקאווסקי און וויינלעס. די אויסשטעלונג איז געמאכט גע־
ווארן אין דער גאלעריע לוקסענבורג פון ווארשע. די אייזענבערג־אויסשטעלונג איז געווען א פאטש אין פנים די קריסטלאכע קינסטלער, אבער וויכטיקער איז דאס, וואס צו זיינע אויסשטעלונגען זענען געקומען אידן, וועלכע האבן פריער אזוינע קונסט־אויסשטע־
לונגען קיינמאל נישט באזוכט.

## יואל ענטין אין לאס אנגעלעס

די אידן פון לאס אנגעלעס האבן זיך באמת דערפרייט מיט דעם ליבן און חשובן גאסט, יואל ענטין. געקומען איז ענטין אין די אינטערעסן פונ'ם פופציק טויזנט דאלערדיקן קולטור־פאנד, וואס דער אידיש־
נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד האט אונ־
טערגענומען צו שאפן איבערן לאנד. די היגע אידישע פאלק שול האט באערט דעם גאסט מיט א הארציקן באנקעט. די רעדע, וואס ענטין האט געהאלטן יענעם אוונט וועגן דער באדייטונג פונ'ם קולטור־פאנד, האט אי־
בערגעלאזן א טיפן דויערנדן איינדרוק.

---

# ליטערארישע כראניק

*** אין לאס אנגעלעס האט זיך גע־
גרינדעט א קאמיטעט אויף ארויסצוגעבן צוויי בענד נייע לידער פון ה. רויזענבלאט. דער קאמיטעט פלאנט אויך, אז ביים דער־
שיינען פון די צוויי ביכער זאל דא גע־
פייערט ווערן דער פינף און צוואנציק יארי־
קער יובילייי פון רויזענבלאט'ס שאפן.

*** אין פארלאג „קולטור ליגע", ווארשע, דרוקט זיך איצט א בוך מעשיות פון היגן יונגן שריפטשטעלער ש. מילער. דאס בוך אנטהאלט 320 זייטן און נעמט אריין א לאנגע נאוועלע („טויט", 180 זייטן) און פופצען קורצע דערציילונגען.

*** דוד איינהארן איז לעצטנס אנגעקומען קיין ניו יארק. ער וועט האלטן א סעריע לעקציעס און דערנאך צוריק פארן אהיים. א סברה, אז אויף זיין לעקציע־טור איבער פארשידענע שטעט אין אמעריקע, וועט ער אויך באזוכן לאס אנגעלעס.

*** מיט א פאר חדשים צוריק האט אין ניו יארק אנגעהויבן דערשיינען „די נעגענווארט“, א מאנאטשריפט ארויסגעגעבן און איננאנצן אויסגעפילט פון ש. י. אימבער. „די נעגענווארט“ פארנעמט זיך מיט ליטעראריש, ציוניסטישע ווי אויך אלגעמיינע פראגן, צו וועלכע אימבער טרעט צו מיט וויסן און געוואגטקיים. אין צווייטן נומער (נאוועמבער 1924) געפינט זיך אן אינטערעסאנט ארטיקל מיט'ן נאמען „דער גראם און זיין באדייטונג“.

*** „שויבן“, א ליטעראריש־געזעלשאפטלאכער זשורנאל האט אנגעהויבן דערשיינען אין רומעניע אונטער דער רעדאקציע פון יונגן דיכטער יעקב שטערנבערג, די אויפגאבע פון „שויבן“ דערקלערט די רעדאקציע אין איר הקדמה ווי פאלגט: „אונטער דעם שטיינער־האגל פונ'ם פארטיי־הם, וועלכער וויל דערהאלטן אויפ'ן גאנצן געזעלשאפטלאכן פראנט זיין עבר־בטל'דיקע הענעמאניע, „גלייזן“ מיר אן אונזערע „שויבן“.

*** די שוועדישע אקאדעמיע, וועלכע טיילט אוים דעם יערלאכן נאבעל־פרייז פאר ליטעראטור, האט דאס יאר באערט דעם בארימטן פוילישן שריפטשטעלער וולאדיסלאוו סטאניסלאוו רעימאנט. דעם נאבעל־פרייז האט רעימאנט באקומען פאר זיין גרוים ווערק „כלאפי“ (פויערן). דאס בוך איז לעצטנס ארוים אין אן ענגלישער איבערזעצונג.

*** דער „פרייהייט“ לידער־קאנטעסט, וואס דער יונגער דיכטער יצחק אלחנן ראנטש האט פארגעשלאגן און סובסידירט, האט זיך שוין געשלאסן און די פרייזן זענען פארטיילט געווארן ווי פאלגט : ערשטער פרייז ($50) צו א. עסעלין, צווייטער פרייז ($25) צו שלמה י. בעלסקי, דריטער פרייז ($15) צו מ. פאסענסקי און פערטער פרייז ($10) צו אידא טילעס. די געווינער פון ערשטן, צווייטן און פערטן פרייז זענען מיטגלידערס פון דער לאס אנגעלעס'ער גרופע „מערב“.

---

## מיר באַגריסן די דערשיינונג פון זשורנאל „מערב"

| | |
|---|---|
| פיטער קאהן | מ. קאמינסקי |
| ב. באטשעלים | ס. לעווין |
| דר. לעאָ בלעם | מרדכי הוירש |
| דר. וו. אָסטראָווסקי | ל. וויים |
| דר. פיבוים בערמאן | י. סיפערמאַן |
| דזשאָ לעוויטאן | מ. אייזענבערג |

נ. קרעמער

---





